# מאסליאנסקי׳ס
# ד ר ש ו ת

## פיר שבתים און ימים טובים

---

פערלאג „זרבבל"

---

ניו יארק
דרוק פון פ. טורבערג
1908



# YIDDISH SERMONS

FOR SABBATHS

AND

HOLY DAYS



BY

H. MASLIANSKY

Published by "Zerubabel"

New York
PH. TURBERG
1908

# צבי הירש מאסליאנסקי

## (פארוואָרט פון דיא הערויסגעבער)

ארויסגעבענדיג דיא דרשות פון רעוו. צ. ה. מאסליאנסקי, דענקען מיר פיר פאסענד צו צוגעבען זיין קורצע ביאָגראפיע, און אן איבערבליק איבער זיינע טהעטיגקייט און לייסטונגען פיר דיא אידישע רעדע־קונסט אין אלגעמיין, און פיר דיא אידישע נאציאָנאלע בעוועגונג אין בעזונדערן.

געוועהנליך, דענקען מיר ניט צו געבען אן אויספיהרליכע בעשרייבונג פון זיין לעבען און ארבייט, אונטערצוציהען א סך הכל אונטער זיין איינפלוס אויף דיא אידישע מאסען און אינטעליגענץ, בעצייכענען מיט בעשטימטהייט זיין עהרען פלאץ אין גאָלדענעם בוך פון דער אידישער נאציאָנאלער בעוועגונג, ווייל ר' צ. ה. מאסליאנסקי'ס טהעטיגקייט איז נאָך ווייט ניט געענדיגט, זיין טאלאנט איז נאָך אין מיטען בליהען, ככחו אָז ככחו עתה, און מיר האָפען אז ער וועט נאָך ארויסווייזען נייע ווענדונגען און זייטען.

איבערהויפט איז שווער ארויסצוגעבען א לעצטען אורטהייל איבער א פערזענליכקייט וואָס לעבט און שטרעבט און ארבייט נאָך אין איינעם מיט'ן דור.

מיר לאָזען עס איבער פיר דעם צוקינפטיגען אידישען היסטאָריקער, וועלכער וועט געוויס וויסען וויא צו זיין אונפארטייאיש. פאָרלויפיג וועלען מיר נור געבען דיא וויכטיגסטע פאקטען און מאָמענטען פון רבי מאסליאנסקי'ס לעבען און

ארבייט אום צו ערגענצען דעם ספר, וואס מיר גיבען ארויס.

ר' צבי הירש מאסליאנסקי איז געבארען געווארען אין סלוצק (מינסקער גובערניע) ג' סיון, תרט"ז. זיין פאטער ר' חיים איז געווען א איד א גדול אין תורה און א ירא שמים, און איינער פון דיא בע"ב פון שטאדט.

זיין זוהן האט ער געגעבען דיא געוועהנליכע ערציעהונג פון יענער צייט, און אונזער צוקינפטיגער רעדנער האט זיך, זייענדיג נאך זעהר יונג, בעקאנט מיט'ן אמאליגען חדר, רבי און בעהעלפער, און זא וייטער. אין חדר האט ער בעקומען א גרינדליכע קענטניס פון העברעאיש, אז זייענדיג נור זיעבען יאהר אלט האט ער געוואוסט גאנץ תנ"ך אויסווייניג.

כאראקטעריסטיש פיר דעם צוקינפטיגען גרויסען רעדנער, איז דער פאלגענדער פאקט: איין מאל א שבת האט דער קליינער מאסליאנסקי פערלאדען אין זיין פאטערס הויף זיינע חדר־חברים, אראבגע'גנב'עט דעם ווייסען טישטוך פון שבת'דיגען טיש, און איינוויקלענדיג זיך אין איהם, וויא אין א טלית, האט ער געהאלטען א רעדע פיר זיינע חברים איבער דעם חורבן פון בית ראשון, וויא עס איז געשילדערט אין מלכים. דיא רעדע זיינע איז געווען אזוי איינדרוקספאל דאס פיעלע פון דיא קליינע צוהערער האבען זיך צואויינט. פערשטעהט זיך, אז זיין פאטער, וועלכער האט ניט געקענט פערשטעהן, אז דאס הויבט זיך אן צו ענטוויקלען א רעדנער טאלאנט, האט איהם ניט געשאנעוועט פיר'ן אבדעקען דעם שבת'דיגען טיש.

אזוי האט זיך דער קליינער מ. ערצויגען אין חדר, און אויסער דקדוק און תנ"ך האט ער אנגעהויבען צו לערנען תלמוד. זייענדיג נור 12 יאהר אלט, איז ער אנגעקומען אין דער ישיבה פון מיר, וואו נור ערוואקסענע בחורים און פרושים, פאטערס פון קינדער האבען דאן געלערנט. זייענדיג פערצעהן יאהר אלט איז אבגעשטארבען זיין פאטער ר' חיים ז"ל, איז דער צייט וואס מ. איז געווען אין פאריץ און געלערנט ביים דאר־

טינגען, דעם שפעטערען יאנישקער רב, ר׳ יחיאל מיכל וואלפסאהן (מחבר פון שפת הים). נאך צוויי יאהר האט ער געלערענט תלמוד און פוסקים, און נאכהער, פערהייראטהענדיג זיך יונג האט ער אריבערגעצויגען קיין פינסק, און זיך בעשעפטיגט מיט העברעאישען אונטעררייכט, פריוואט און אין תלמוד תורה׳ס, ביי א יאהר פיערצעהן. אונטער דיעזער צייט האט ר׳ צ. ה. מאסליאנסקי ניט אויפגעהערט צו שטודירען דיא אלטע און נייע העברעאישע ליטעראטור, געוועזען א גרויסער ליעבהאבער פון העברעאישע צייטונגען און זשורנאלען, מיט איינעם ווארט ער איז געווארען א טיפישער משכיל פון יענער צייט, אבער ניט עד און ניט זיינע פריינדע האבען געהאט דיא קלענסטע אה־נונג פון דעם גרויסען רעדנער טאלאנט וואס איז געלעגען פער־שלאפען אין איהם.

צו יענער צייט, אין דעם יאהר תרמ״א, האבען אויסגעבראָ־כען דיא פאגראמען אין רוסלאנד, און געבראכט מיט זיך א גאנצע רעוואלוציאן אין אידישען לעבען, אן איבערקעהרעניש אין אידישען דענקען און פיהלען.

א נאציאנאליסטישער שטראם האט זיך א טראג געטאהן איבערן רוסישען יודענטהום, שלעפענדיג מיט זיך דיא פריי־הערע אסימילאטארישע שרייבער און כלל טהוער, וויא אויך דיא געבילדעטע יוגענד, און דיא פאלקס מאסען. דיא אידעע פון חבת ציון האט אנגעהויבען ארויסשפראצען און פארמיערען זיך און דיעזע גרויסע אומענדערונג אין אידישען לעבען האט געהאט א געוואלדיגען איינפלוס אויף דעם דאמאלס 25 יאהר אלטען מאסליאנסקי. דיא גרויסע קאטאסטראפע האט צוטרייסעלט זיין גאנצען וועזען, אויפגעוועקט זיינע פערשלא־פענע טאלאנטען און פעהיגקייט, און ער האט זיך דערשפיערט אלס א בעגייסטערטער און פייער־פאללער נאציאנאלער רעד־נער, אדער בעסער געזאגט, וועקער און אגיטאטאר. ער האט זיך אווארף געטאהן מיט זיין גאנצען יוגענד פייער אין דער

נאציאנאלער בעוועגונג, און איז גאנץ קורץ נאכדעם געווארען איינער פון איהרע וויכטיגסטע טאן געבער און פיהרער. די ערשטע צייט איז דער רעדען נאך אלץ געווען ביי איהם א ביי־זאכע. אבגעבענדיג זיך מיט לעהרעריי אלס זיין פאך, פלעגט ער שבת און יו"ט רעדען אין געפאקטע שוהלען און בתי מדרשים איבער זיין אלל בעליעבטע טהעמא: די אידישע נאציאנאלע בעוועגונג, און איהר מאטעריעלע פערקערפערונג: „חבת ציון".
מערקווירדיג איז עס דאס גלייך אין דיעזע זיינע אמאטורישע רעדען, גלייך נאך זיין ערשטען אויפטריט אויף דער אידישער פאלקס־ביהנע, האט אונזער מאסליאנסקי שוין בעוויעזען זיינע אלע פעהיגקייטען און טאלאנט אלס א מאדערנער אראטאר. ער האט, וויא עס שיינט, קיין חבלי לדה ניט געהאט, קיין מאטער־נישען אויסצוגעפינען די ריכטיגע וועג, ארט און וויזע וויא אויסצודריקען זיינע אידעען, און ענטוויקלען זיין טאלאנט. זיין אראטארישער טאלאנט איז עפעס וויא פלוצלונג ארויסגעשפרונ־גען און פארטיג געווארען צו אלעמענס ערשטוינען.

און גלייך אנהויבענדיג צו רעדען: האט מען שוין געזעהן אין איהם דעם וואונדערבארען אידיש־נאציאנאלען אראטאר, דער ערשטער אין זיין פאך, מיט אן אייגענע אויסגעארביי־טע זעסטיקולאציאן און מימיק, מיט א ריינעם רייכען אידיש, מיט א געוואלדיגען פייער פון געפיהל און איבערצייגונג, און מיט א פאנטאזיע און פארשטעלונגס קראפט, מיט וועלכע פיעלע פון די וועלט בעריהמטע רעדנער וואלטען זיך ניט שעהמען. זיין מאגישע קראפט צו מאהלען, אין ווארט, בילדער, וועלכע זאלען זיך וויא לעבעדיגע, פארשטעלען פיר צוהערער, און ער־שיטערן זייער נשמה מיט שרעק און צער, אדער אויפהויבען איהר צום העכסטען שטאפעל פון עקסטאז און נאציאנאל־שטאלץ, זיין וואונדערבארע פעהיגקייט אויסצוטייטשען די ביבלישע פיגורען און אלעגאריען אין אונזער מאדערנע שפראכע, צו צופאסען זיי צו די יעצטיגע אידישע אומשטענדע, שטרעבונגען

און פאסירונגען, אום צו ווייזען אז: מעשי אבות ירשו בנים, זיינען שוין דאן, אין אנפאנג פון זיין קאריערע, געוועזן פול ענטוויקעלט און רייף.

דעריבער איז קיין וואונדער ניט וואס נאך זייענדיג אין פינסק האט ער געהאט אזא געוואלדיגען איינפלוס אויף דיא מאסען און שטודירענדען יוגענד, און האט נאך דארט זייענדיג געטאהן פיעלעס פיר חבת ציון און רעיון הלאומיות. און ניט נאר דיא יוגענד, אפילו דיא ארטהאדאקסישע רבנים און גאונים, ר' אליעזר משה הורוויץ זצ"ל פון פינסק, און ר' דוד פריעדמאן נ"י, פון קארלין, האבען מיט איהם געהאלטען שטאל און אייזען, אויפגעמונטערט צום רעדען, און פערטהיידיגט פון דיא אנגריפע פון דיא חסידים.

אין תרמ"ז האט ר' צ. ה. מאסליאנסקי אריבערגעצויגען מיט זיין פאמיליע אין יעקאטערינאסלאוו, זיך ווייטער בעשעפטיגט מיט לעהרעריי, און אין דיא פרייע צייט מיט רעדנער פראפאגאנדא פיר דיא נאציאנאלע אידעע. דארטען האט ער זיך בעקאנט מיט דיא חובבי ציון וויא ה"ה מיידאנסקי, א. מ. אוסישקין, וויטאלי לעוואנדא און ר' ש. סטאנאסלאווסקי און געגרינדעט א פעראיין „בני־ציון" און געטאהן אלעס מעגליכע פיר דיא פערקערפערונג פון זיין אידעאל. אין תרנ"א איז ר' צ. ה. מ. אריבערגעפאהרען קיין אדעסא, בעקאנט זיך מיט דיא פיהרער פון הבת ציון וויא דר. פינסקער, מ ל לילענבלום, אחד העם, וועלכע האבען אין איהם דערזעהען דעם גרויסען טאלאנט, און איהם געראטהען צו ווערען א פראפעסיאנעלער, רייזענדער רעדנער.

ר' צ. ה. מאסליאנסקי האט זיי געפאלגט און אונטערגענומען א רעדנער־טור איבער זיך רוסלאנד, וועלכער איז געוועזן א אמת'ער טריאומף־צוג פיר איהם און פיר דיא אידישע נאציאנאלע אידעע. וואו ער פלעגט רעדען פלעגט זיין געפאקט. דיא געבילדעטע יוגענד פלעגט איהם נאכלויפען און פערגעטערען,

און דיא אנגעזעהענסטע בעלי בתים פלעגען זיך בעשעפטיגען מיט׳ן איינגאהמען פון איינטריטס געלד, מיט׳ן אויסגעפינען פיר איהם שוהלען און זאלען, וואו צו רעדען. אין פיעלע ערטער פלעגט מען איינארדנען פיר איהם אבשיעדס באנקעטען, וועלכע פלעגען זיך אויסצייכענען מיט זייער פראפאגאנדיסטישען כא־ראקטער פיר חבת־ציון. אונטערדעסען האבען זיך, אונטער זיין איינפלוס פערשטארקט פיעלע אלטע חובבי ציון פעראיינען, און פיעלע נייע — זיך געגרינדעט. און מעהר נאך וויא דיא פעראיינען — פיעלע אסימילאטארישע כלל־טהוער, יונגע לייט און סטודענטען אין זיך רוסלאנד זיינען הינגעריסען געווארען, דורך זיין פייערדיגע רעדענסקראפט און נאציאנאלען שטראם, און געווארעןווארעמע אידען און זיינען דיא פאטערס פון פיעלע יעצטיגע ציוניסטען.

עס איז ווערטה צו בעמערקען אז אונזער רעדנער האט געהאט פיעלע שטערונגען פון דער פאליציי און אסימילאטארען, כ׳האט אויך ניט געפעהלט דראהונגען פון ארעסט און מאנכעס מאל ארעסטען, וועלכע האבען איהם וועניג געשראקען. פון זיך רוסלאנד איז מאסליאנסקי אבגעפאהרען נאך ליטא און זאמוט, און א טהייל פון קורלאנד, (אין זומער תרנ״ג) און פוילען און האט איבעראל ארויסגערופען דיא זעלבע בעוואונ־דערונג און סימפאטהיע און האט אויך דארטען פיעלעס אויפ־געטאהן פיר׳ן יודענטהום אין אלגעמיינעם און חבת ציון בפרט. דארט האט ער זיך בעקענט מיט דיא ארטיגע חובבי ציון, בע־פריינדעט זיך מיט ר׳ יצחק אלחנן ז״ל פון קאוונא, און ר׳ שמואל מאהליווער ז״ל פון ביאליסטאק, וועלכער האט זיך מיט איהם קארעספאנדירט נאך אין אמעריקא.

זעהר פיעל איז איהם אויסגעקומען צו ליידען פון דער פאליציי אין פערשיעדענע שטעדט, אם ענדע האט מען איהם אין שאוועל ארעסטירט און ארויסגעלאזען מיט דעם תנאי, אז ער זאל מעהר אין רוסלאנד ניט רעדען. זעהענדיג אז ער האט

אזוי פיעל שטערונגען, האט ר' צ' ה. מאסליאנסקי בעשלאסען צו פערלאזען רוסלאנד, צום בעדויערן פון אלע דארטיגע חובבי ציון און נאציאנאליסטען. אין אנהויב פון יאהר תרנ"ה האט מאסליאנסקי פערלאזען רוסלאנד, האט זיך אבגעשטעלט אין מעמעל איז קעניגסבערג און גערעדט, און אויך דארט געוואר־נען דיא אנערקענונג און בעוואונדערונג פון דיא צוהערער.

אין קעניגסבערג זיינען פיעלע פון דיא אידישע און דייטשע פראפעסארען איהם געקומען הערען. דיא דייטשע אידען האבען אין איהם דערזעהען דעם נייעם רוסישען אידען, פול מיט נא־ציאנאל שטאלץ און בעגייסטערונג. פון דייטשלאנד איז מא־סליאנסקי אבגעפאהרען קיין לאנדאן, וואו ער האט פערבראכט איינינע צייט, און גערעדט אין דיא אריסטאקראטישע שוהלען מיט דעם זעלבען טאלאנט און פייער. זיינע רעדען האבען גע־מאכט א גרויסען רושם אזוי אז דר. אדלער איז איהם אויך געקומען הערען.

אננעהמענדיג איינלאדונגען פון מאנשעסטער, ליווערפול ליעדז און אנטווערפען (בעלגיען) פארברענגענדיג איינינע מאנאטהען אין דיעזע שטעט איז ער אפגעפאהרען נאך פאריז וואו ער איז אויפגענומען געווארען מיט כבוד פון דיא דארטיגע גדולים מיט רבי צדוק כהן אן דער שפיצע, און נאכהער איז ער אבגעפאהרען נאך אמעריקא וואו ער איז שוין א יאהר דרייצעהן. דיא ערשטע פיער יאהר איז ער ארום געפאהרען איבער פיעלע פון דיא נארדליכע און וועסטליכע שטאאטען און גערעדט מיט דעם זעלבען ערפאלג וויא אין רוסלאנד; פאר דיא לעצטע ניין יאהר האט ער זיך בעזעצט אויף שטענדיג אין ניו יארק און איז אנגעשטעלט צום רעדען יעדען פרייטאג אבענד אין עדיוקיישאנאל אלליאנס.

א קורצען בעגריף איבער זיין איינפלוס אין אמעריקא קען אונז געבען דער פאלגענדער אויסצוג פון דעם „אמעריקאנער" אקטאבער 4, 1907.

„דער גרויסער האָלל פון עדיוקיישאָנאל אליינס, אויף דיא איסט סייד פון ניו יאָרק, איז פול געפאקט יעדען פרייטאג אבענד, ווען דער בעריהמטער רעדנער, רעוו. צבי הירש מאסליאנסקי, האלט דאָרטען זיינע וועכענטליכע פאָרטרעגע. הונדערטע בלייבען יעדעם מאָל פון דרויסען, און א פיעל גרעסערע צאָהל קומען ניט ווייל זיי ווייסען אז עס וועט זיין זעהר שווער אריינצוקומען. עס איז דאָס זעלבע אויך ווען מר. מאסליאנסקי האלט א רעדע אין איין אנדער האָל, אין איין אנדער טהייל פון ניו יאָרק, אָדער אין איין אנדער שטאָדט. עס געפינען זיך אימער פיעלע הונדערטע, און אָפט פילע טויזענדע וואָס ווילען הערען וואָס ער האָט צו זאָגען".

ניט קוקענדיג וואָס ר' צ. ה. מאסליאנסקי רעדט שוין איבער פינף און צוואנציג יאָהר, בעזיצט נאָך זיין טאלאנט דיא זעלבע פרישקייט און צויבער וויא אמאָל. ער איז נאָך דער זעלבער אונערמיעדליכער נאציאָנאלער קעמפפער, און פערטהיידיגער פון אלעם וואָס איז שעהן גוט און ערהאבען אין יודענטהום. ער האָט פיעל מיה און געזונד אוועקגעלעגט אויף דער אמע־ריקאנער ציוניסטישער בעוועגונג אונענטגעלטליך. אין רוסלאנד איז מר. מאסליאנסקי געווען דער ערשטער אראטאר פון חבת ציון און נאציאָנאלען יודענטהום, אין אמעריקא האָט ער אויסער דעם, אויפגעטהאָן, און טהוט נאָך אויף פיעלעם פיר נאָך א זייט פון אידישען לעבען — און דאָס איז דער געמיינדע לעבען, דען עס איז ניטאָ קיין וויכטיגע אירגענד וועלכע אידישע אינסטיטור־ציאָן אין ניו יאָרק און אנדערע גרויסע שטעדט, פיר וועלכע מר. מאסליאנסקי זאָל ניט האָבען גערעדט, און פערשאפט דורך דעם געלד, צו פערזיכערען זייער עקזיסטענץ. מיר זיינען צום ענדע. מיר ווינשען אונזער רעדנער געזונד אויף נאָך פיעלע, פיעלע יאָהרען, מיר זאָגען: יהי רצון, דאָס ער זאָל דערלעבען צום טיעפען גרויען עלטער, מיט דעם זעלבען פרישען יוגענד־פאָללען טאלאנט.

# בראשית.

בן עזאי אומר זה ספר תולדות אדם
הוא כלל גדול בתורה. (רבה).

אלעס, אלעס האָבען זיי צוגענומען ביי אונז. אונזער לאנד חרוב געמאכט, אונזער בית המקדש פערברענט, אונזערע עלטערען פערטריעבען, אונזער נאַציאָנאלען שטאָלץ צובראָכען, — אָבער איין זאך וואָס איז ביי אונז טהייערער פון אלעס איז ביי אונז געבליעבען, און קיין קראפט אין דער וועלט איז ניט שטארק גענוג אונז פונאנדערצושיידען, ווייל זיא איז מיט אונז אימער, זיא לאָזט אונז ניט אָב אויף איין ווייל, זיא איז אונזער נשמה, אונזער לעבען, אונזער טרויסט אין אלע צייטען און אין אלע ערטער, ווען און וואו מיר זיינען, דאָס איז אונזער הייליגע און עוויגע תורה, דיא נאציאָנאלע אידישע נשמה וועלכע לעבט אין אונז און בעלעבט אונז שוין מעהר פון דריי טויזענד יאָהר. מיר זיינען איינגעוואקסען איינער אין צווייטען, מיר זיינען איינס, וויא דער תלמוד דריקט זיך שוין אויס „אוריתא וישראל חד הוא“.

שוין באלד צוויי טויזענד יאָהר זייט אונזערער א יונגער מאן פון דער קליין שטעדטיל נצרת, אן אנ־היינגער פון דער פאנטאסטישער און מיסטישער סעק־טע „אסייער“, „איסיים“ איז אויפגעשטאנען און האָט פראָקלאמירט א נייע תורה פול מיט אונפערשטענד־ליכעס, מיסטיציזם, איינגעהילט אין א טהעאָריע פון „מלכות השמים“ — א הימלישעס קעניגרייך, און אנשטאָט דעם איין־און־איינציגען אלוקי ישראל האָט ער בעשאפען מיט זיין קראנקער פאנטאזיע א גאנצע ביזנעס פירמא אין דער גאָטהייט: „גאָט, זוהן עט קאָמפאני“. און פון איינס איז ביי איהם געוואָרען דריי און אז דריי איז גאָר איינס.

דורך דער זאָגענאנטער גאָט־מענש אָדער מענש־גאָט וועלכער האָט, כלומרשט, געפּריידיגט ליעבע און בארמהערציגקייט האָבען זיינע מאמינים אונזער בלוט פערגאָסען וויא וואסער יאָהר איין יאָהר אוים גאָר אָהן אן אויפהער עד היום הזה.

פערפלוכט זאָל בלייבען דער אנדענקען פון דיא ר'עמער צוזאמען מיט'ן שטיק האָלץ וואָס האָט זיך צושפרייט אין דער ליינג און אין דער ברייט, דערפאר וואָס זיי האָבען דעם קריינקליכען פאנטאזיאָר, דעם יונגען היציגען יוסי אויף דעם שטיק האָלץ געקרייציגט און זיין לעבען צוגענומען ווען ער איז נאָך געווען אזוי

יונג. ווען זיי וואָלטען דעם האלב משוגענעם יונגען מאן געלאָזען אויסלעבען זיינע נאטירליכע יאָהרען וואָלטען זיי קיין יונגען גאָט געהאט און מיר קיינע אלטע צרות.

מיט גרויס חוצפה און פערגלאָצטע אויגען האלטען זיי אונזער תנ"ך אין האנד אויף דער במה אין דיא מעמפלען פון דעם סמל הקנאה, מרים'ס זוהן און ער־קלעהרען פון אונזער תנ"ך אונזין און פאלשקייט. זיי פערדרעהען דיא ווערטער פון דעם אלמעכטיגען און זיינע נביאים און פערדעקען מיט דיא ברייטע ארבעל פון זייערע שווארצע פריסטער־מאנטלען דעם „לא יהיה לך אלהים אחרים". זיי רעדען פון ישראל'ס גרויסקייט, פון זיינע געטליכע אבות, נביאים און העלדען; זיי בעמערקען אָבער דערביי אז יענער ישראל איז שוין לאנג אויף דער וועלט ניטאָ, אז זיין איינציגער יורש איז זייער קירכע און דיא אמת'ע בני ישראל זיינען דיא אנהענגער פון יאָסעל דעם סטאָליאר'ס שטיף־זוהן; דער יעצטיגער ישראל, זאָגען זיי, איז א פאלשער, ער שלעפט זיך ארום צווישען דיא אומות מיט גאָט'ס קללה אויף זיינע שולטערען פיר דעם חטא וואָס ער האט ניט אנערקענט „גאָט'ס זוהן" פיר א שותף אין מעשה בראשית. און דיא פעלקער זיינען גוטע תלמידים, זיי פיהרען אויס דיא טהעאָריע

פון זייערע גייסטליכע זעהר פראקטיש. זיי געהען ארוים פון קירכע בעגייסטערט און אין גאָטס נאָמען, אין נאָמען פון דער רעליגיאָן פון ליעבע בעפאלען זיי דיא קינדער פון דעם אלטען ישראל, און מיט דער ברוטאליטעט פון ווילדע בעסטיעס, בלוט-דורשטיגע חיות בעפאלען זיי און רויבען, שלאָגען, שענדען און טויטען אלט און יונג, מענער און פרויען באלד צוויי טויזענד יאָהר גאָר אָהן אן אויפהער, פראנק און פריי, אָפען פיר דער גאנצער וועלט — און אלעס אין נאָמען פון „גאָט, זוהן עט קאָמפּאניע".

און וואָס טהוט ישראל סבא אין דער גאנצער פינסטערער בלוטיגער צייט? דער עם קשה עורף שטעהט פעסט אויף דער וועלט-ביהנע וויא א פעלז און גיט זיך ניט אונטער אין דעם פערצווייפעלטען קאמפף. ער שטעהט און לעבט, און ער איז א לע־בעדיגער פּראָטעסט געגען דיא שקרים וואָס זיין מעכטיגער שונא פערשפּרייט אויף אלע פיער עקען וועלט. ער שטעהט מיט זיין דורכגעשאָסענעם און צולעכערטען קערפּער איינגעהילט אין זיין אייביגע תורה וועלכע ער האָט צוטהיילט אויף פונפציג טהייל פיר דיא פונפציג וואָכען אין יאָהר און קוויקט זיך מיט יעדען טהייל דריי מאָל א וואָך. ער בעלעבט זיין נשמה, ער ערהויבט זיין גייסט און בעקומט מוטה און

ענערגיע צו קעמפפען ווייטער און צו פּראָטעסטירען
נעגען אומרעכט און ניעדערטרעכטיגקייט וואָס עקזי־
סטירט אויף דער קריסטליכער וועלט ביז דיא וואר־
הייט וועט זיעגען.

יאָהר איין יאָהר אוים ענדיגט ער זיין תורה
לעיני כל ישראל. ער זעגענט זיך מיט זיין הייליגען
אונשטערבליכען אלטען־יונגען געזעגעבער בן עמרם.
ער זינגט מיט התפעלות משה'ס געזעגענס ליעד „שירת
האזינו", ער וויעדערהאָלט דיא ברכה וואָס זיין גרעס־
טער פּראָפעט און זיין בעפרייער האָט איהם גע־
בענשט פאר זיין טויט און שרייט אוים מיט שטורם
„חזק, חזק ונתחזק" און ער ווארט ניט איין מינוט און
ער איז שוין גולל צוריק זיין הייליגע תורה פון אָנ־
פאנג און פּראָקלאמירט וויעדער מעשה בראשית פיר
דער גאנצער וועלט פון זיין איינציגען גאָט, דער ארכי־
טעקט פון אלע וועלטען.

ישראל סבא, דער פערבלוטיגטער העלד, דער
פיער־טויזענד־יעהריגער מארטירער איז טאָלעראנט;
דער "חתן־תורה" ווערט אויך „חתן־בראשית" וויעדער
און ער פּראָקלאמירט אָפען אז דיא תורה איז ניט
א מאָנאָפּאָל נור פיר איהם, זיא איז פריי פיר דער
גאנצער מענשהייט מיט דעם אויסדרוק „זה ספר
תולדות אדם". און דער גרויסער תנא בן עזאי האָט

געזאָגט „זה ספר תולדות אדם הוא כלל גדול בתורה", דאָס הייסט: דיא אידעע אז דיא תורה איז אַן אַל־געמיינער בוך פיר דיא גאנצע מענשהייט איז א גרוי־סער פרינציפּ אין אונזער תורה.

אָ, פיעל טאָלעראנץ און מענשען־ליעבע איז אין בן עזאי'ס עטליכע ווערטער!

* * *

וויא היילינ און ערהאבען איז דער מנהג ביי אונ־זערע אָרטאָדאָקסישע אידען אז אין דיעזען שבת, פרשת בראשית פאנגען זיי אָן צו זאָגען דעם היילינען און מערקווירדיגען שיר „ברכי נפשי" אויף וועלכען אלעקסאנדער פאָן הומבאָלדט האָט געזאָגט אז „ברכי נפשי" איז דער העכסטער און טיעפסטער שיר פון אלע שירים וואָס דיא וועלט־פּאָעזיע האָט פּראָדוצירט. „אין דיעזען היילינען ליעד — זאָגט הומבאָלדט — ליעגט דיא קאָסמאָלאָגיע מיט איהר גאנצען פּראכט און גלאנץ".

אין דיא ווינטער שבתים, אין דער צייט ווען דיא נאטור ווערט אנשלאָפען און פער'חלשט, דער הימעל איז בעדעקט מיט א בלייענעם קאָליר; דיא ערד איז איינגעהילט אין ווייסע תכריכים, אלע פייגעלעך

דיא פרעהליכע זומער־קינדער זיינען פערשוואונדען און זייערע זיסע מעלאָדיען זיינען פערשטומט, ווען דיא גאנצע נאטור איז א סימבאָל פון דעם אלטען ישראל וואָס לעבט שוין ביינאהע צוויי טויזענד יאָהר א ווינ־טערדיגען לעבען, אין דיעזער פינסטערער אונמוטהי־גער צייט מוטהיגט זיך ישראל סבא צו האלטען פעסט זיין האָפנונג. ער נעהמט ארויס זיין בעסטען ברי־ליאנט פון זיין ליטעראַרישען אוצר — דעם קאָסמאָ־לאָגישען שיר „ברכי נפשי“, ער לעזט איהם מיט חשק, ער פאנטאזירט אין פריהלינגס־געדאנקען ביז זיין זע־עלע גיסט זיך צוזאמען מיט דעם שעהנעם ערהאבענעם פריהלינגס לעבען. דער איד ווערט ערמוטהיגט, זיין האָפנונג ווערט געשטארקט און ער זאָגט צו זיך זעלבסט: „ניט אייביג געוועלטיגט דער קאלטער ווינטער, עס וועט אויך קומען דער פרעהליכער זומער, דיא נאטור וועט ווידער אָבלעבען, דיא הימלען וועלען ריין ווערען — זיי וועלען בעקומען זייער העל בלויען קאָליר, דיא מוטער ערד וועט ווידער זיך איינהילען אין איהר גרינעם מאנטעל, דיא טעג וועלען גרעסער ווערען, דיא גרויסע פינסטערע נעכט וועלען פער־שווינדען, דיא פייגעלאך וועלען ווידער אָבגעבען זייער הימלישען קאָנצערט; אָ, איך האָף אויף דעם הער־ליכען פריהלינג, איך וועל ווידער אָבלעבען, און דיא

אלט־נייע נאציאָן וועט זיך אומקעהרען צו דער אלט־נײ לאנד! דאָרט וועט ער ווידער לעבען זיין נאטירליכען און נאָרמאלען לעבען אלס א פאָלק אויף זיין אייגענער לאנד. — אמן.



# נח.

כי מי נח זאת לי, אשר נשבעתי מעבר מי נח
עוד על הארץ, כן נשבעתי מקצף עליך ומגער
בך; כי ההרים ימושו והגבעות תמוטינה וחסדי
מאתך לא ימוש, וברית שלומי לא תמוט, אמר
מרחמך ד׳. (ישעיה נ״ד. ט.)

„מיט דיר, ישראל, איז דיא זעלבע געשיכטע וויא מיט דעם מבול אין נח׳ס צייטען. אזי וויא איך האב געשווארען איך זאל שוין מעהר קיין מבול ניט ברענגען אויף דער ערד אזוי האב איך אויך געשוואָרען דיין עקזיסטענץ צו ערהאלטען. דיא בערג וועלען פערניכטעט ווערען, דיא הימלען וועלען געשטירצט ווערען אבער מיין חסד פון דיר וועט ניט אבטרעטען און מיין פריעדען וועט אימער זיין מיט דיר, אזוי האט געזאגט דיין ערבארמיגער גאט.

דיעזע הייליגע ווערטער זיינען אויסגעשפּראכען געווארען מיט צוויי טויזענד זעקס הונדערט יאהר צוריק דורך דעם גייסטרייכען און גרעסטען פון דיא פּראפעטען „בן אמוץ" אין גאטעס נאמען, און זיי לעבען נאך היינט אויך.

דער פּאראלעל פון דער אידישער געשיכטע מיט דעם מבול אין נח׳ס צייטען איז ריכטיג און הייליג

עד היום. מיר האָבען דעם זעלבען שיקזאל וויא נח אין זיין צייט. פונקט וויא ער איז געשוואומען אין דיא ברויזענדע וועלען פון׳ם שרעקליכען מבול וואסער אזוי שווימען מיר אויך אין דיא וועלען פון׳ם מבול פון אונ־זערע טרעהרען און בלוט. שוין באלד צוויי טויזענד יאהר אז אונזערע טרעהרען און בלוט פלייצען אָהן אן אויפהער אין אלע אייראפעאישע לענדער און פונקט וויא נח איז געוועזען אין זיין שווימענדען קאסטען ניט האָבענדיג קיין באָדען אונטער זיינע פיס, אזוי אויך מיר שווימענדע און הענגענדע אין דער לופטען אָהן א לאנד ווערען געטראָגען אין אונזער גייסטיגע רעטונגס שיף וועלכע איז געבילדעט ניט פון „עצי גופר“ נור פון גייסטיגע מאטעריאלען וויא רעליגיאָן, טראדיציאָן און נאציאָנאלע שטאָלץ!

שוין באלד אכציג דורות אז אונזערע פיס האָבען ניט אונטער זיך קיין פעסטען באָדען, אונזערע לעבענס־הימלען זיינען בעצויגען מיט שווערע, פינסטערע וואָלקענס פול מיט יודענ־האס, אדער וויא מיר רופען עס היינט מיט׳ן מאָדערנעם נאמען אנטיסעמיטיזמוס. טרויעריג איז דאס בילד: דיא וואָלקענס ווערען וואס ווייטער אלץ שווארצער. דיא ווינטען שטורמען, פייפען און קרעכצען יאמערליך. דיא וועלען פון דעם מבול בלוט און טרעהרען וואס מיר האָבען פערגאסען אין

אלע צייטען און אין אלע לענדער ערהייבען זיך ביז צום הימעל ; דער שרעקליכער שטורם צוברעכט אי־בעראל אונזערע לעבענס בוימער, און כוואליעס פון צאָרן, שאנדע האס און פיינדשאפט ברויזען איבער אונזערע קעפּ. דונערען, בליצען פעך און שוועבעל, גזירות, גרושים און פּאָגראָמען צערשמעטערען אונז איבערן גאנצען ערד־באל און דאך וויא נח אין זיין „עצי גופר" קאסטען אזוי ישראל סבא אין זיין גיים־טיגען רעטונגס־שיף שווימט און ווערט גערעטעט. ער שווימט איבער דיא ברויזענדע וועלען, אין דעם מבול פון זיין אייגען בלוט, און לעבט און עקזיסטירט אין זיין בלוט, וויא איינער פון זיינע גרויסע פּראָפעטען האָט איהם אמאָל געזאגט : „בדמיך חיי ! בדמיך חיי !"

* * *

„ויגברו המים, וישאו את התבה ותרם מעל הארץ,
והמים גברו מאד מאד על הארץ"

„און דיא וואסערען האָבען זיך געשטארקט, און זיי האָבען אויפגעהויבען דעם קאסטען. און דער קאסטען זעלבסט האָט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד".

עס איז אונמעגליך מיט א מענשליכע שפראך פאָרצושטעלען דיא לאנגע דאמאלס פון נח'ן מיט זיין

פאמיליע אין דעם מאָמענט ווען דער קאסטען האָט זיך אויפגעהויבען פון דער מוטער ערד. שרעקליך איז געווען דאס בילד, הערץ רייסענד איז געווען דער מאָמענט ווען זיי האָבען זיך געזעהן ענטריסען פון דער ליעבער מוטער ערד מיט איהר גאנצען פראכט און נאטור רייכטהום. אָט פערשווינדען פון זייערע אויגען דיא גרינע פעלדער, דיא שמעקענדע בלומען אויף דיא מעכטיגע וועלדער. דער קאסטען הייבט זיך אלץ העכער, העכער, און דיא צאָרנדיגע וואסער פערדעקט שוין אויף דיא שפּיצען פון דיא הויכע בערג. און זיי, ערד־קינדער בלייבען אין דער לופטען צווישען הימעל און וואסער. עס ערוואכען דאן אלע נאטור געפיהלען. דיא הערצער צאפּלען, א בוימעלע, א גרעזעלע, א בלומעלע ווילט זיך; עס בענקט זיך מיט דער גאנצער קראפט פון דער נשמה צו זעהן א פליהענדעס פויגעלע, א קריכענדעס ווערעמיל. אבער אלעס, אלעס פערלארען, פערניכטעט און צושטערט, פאר דיא זוכענדע אויגען ווייזט זיך נור א מורא׳דיגער חורבן; פּוסט וויסט און לעער! טרויעריגע גרויסע הימלען פון אויבען און מיט צאָרן ברויזענדע וואסערען פון אונטען. אָה, שרעקליך, שרעקליך!

דאס זעלבע שוידערהאפטע בילד זעהען מיר אין אונזער לעבען שוין באלד צוויי טויזענד יאהר.

„ותרם התבה מעל הארץ" פון דעם לאנד זיינען מיר ענטריסען געווארען, מיר האָבען אָנגעווארען דעם נאַטירליכען נאָרמאלען לעבען פון א נאטור־קינד, מיר זיינען ווייט פון דער נאטור וויא דיא נאטור איז ווייט פון אונז. אונזער גייסטיגע תבה, דיא תורה, וועלכע ענטהאלט אין זיך דאס לעבען פון א פארמער־פאָלק און זיא האָט אונז פערשפראכען דיא אירדישע נאַטירליכע מתנות וויא פאר אן אקער־בויער: לאנד, רעגען, טהוי און זונענשיין, דיא תורה וועלכע האָט אונז בעשאָנקען מיט „מצוות התלויות בארץ", דעם נאַטירליכען שאץ פון יובל, שמיטה, עומר, בכורים, פאה, שכחה, פרט, עוללות, מעשר און תרומה, דיעזע אלע בריליאנטען זיינען פערשוואונדען געווארען פון אונז אזוי ווייט אז מיר האָבען היינט קיין בעגריף פון זיי. און דיא גייסטיגע תבה האָט אויסגעליידינט איהר טהייערען אירדישען אוצר, האָט זיך ענטריסען פון דער מוטער ערד, פון דעם ריכטיגען נאָרמאלען לעבען און צוזאמען מיט אונז זיך צום הימעל א הייב געטהאָן און מיט אונז צוזאמען איז זיא געבליעבען הענגען אין דער לופט צווישען הימעל און דער ערד.

שוועבענדיג אין דער לופט א צייט פון איבער אכטצעהן הונדערט יאהר זיינען מיר קערפערליך אבגעשוואכט געווארען. און דערפאר טאקע זיינען אונזערע

פאנטאזיעס שטארק געווארען ! מיר זיינען געווארען בעלי־הזיות, בעלי דמיונות ; שווערמער און פאנ־טאזיארען זיינען מיר געווארען ! מיר חלומ׳ען פוסטע חלומות, פאלשע טרוימען, ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, מיר פליהען אין דער לופט, מיר לעבען אין הימעל און שטרעבען צו נעכטיגע טעג. מיר זיינען געווארען ניט דאס וואס מיר זיינען געוועזן. עפעס א קליינינקייט ברואים הענגען אין דער לופט. וויא שרעקליך דאס איז ! מיט א פאנטאסטישען קרוק פערטשעפעט אין הימעל און אויף א קייט פון שווער־מעריי הענגען מיר אין דער לופט בין השמים ובין הארץ, פון דער ערד ענטריסען און וייט צום הימעל. אָה, וויא גרויזאם איז אזא סארט לעבען פיר א גאנצע נאציאן אין א תבה וועלכע איז „ותרם מעל הארץ!“.

---

„ויכסו כל ההרים הגבהים, אשר תחת כל השמים“.

און עס זיינען צוגעדעקט געווארען אלע הויכע בערג פון אונטער דעם הימעל.

„וישאר אך נח ואשר אתו בתבה“.

און עס איז איבערגעבליעבען בלויז נח און דיא וואס זיינען געוועזן מיט איהם אין דער תבה.

ויכסו כל העמים אשר תחת כל השמים, וישאר אך

ישראל סבא ואשר אתו בתבה.

עס זיינען פערניכטעט געווארען אלע זיינע אלטע קאמעראדען, דיא אוראלטע פעלקער: **אשור, בבל,** פרס, יון און רום און בלויז דער אלטער ישראל איז איבערגעבליעבען, ער און אלעס וואס מיט איהם אין זיין גייסטיגע תבה.

* * *

„וישלח את העורב, ויצא יצא ושוב עד יבשת המים מעל הארץ; וישלח את היונה מאתו לראות הקלו המים מעל פני האדמה? ולא מצאה היונה מנוח לכף רגלה ותשב אליו אל התבה כי מים על פני כל הארץ, וישלח ידו ויקחה, ויבא אותה אליו אל התבה, ויחל עוד שבעת ימים אחרים, ויוסף שלח את היונה מן התבה, ותבא אליו היונה לעת ערב והנה עלה זית טרף בפיה, וידע נח, כי קלו המים מעל הארץ".

אם ענדע איז נח'ן געווארען זעהר לאנגווייליג צו זיצען פערשפארט אין קאסטען האט ער ארויס־געשיקט דעם עורב (דיא וואראנע) צו זעהען וואס טהוט זיך אויף דער ערד: דער עורב האט אבער קיין ריכטיגע תשובה ניט געבראכט, און אזוי פלעגט דער עורב געהן אהין און צוריק אהן א רעזולטאט.

אה, פיעל עורבים — פאלשע משיחים, האט ישראל סבא, אזוי וויא נח געשיקט אין דער גאנצער צייט פון „בר ככבא" ביז „שבתי צבי" און קיין מאל

דאס ערוואַרטעטע ניט געהאט. יעצט אין אונזער דור האָט דער אלטער ישראל אָנגעפאַנגען צו שיקען דיא טויב — דיא חובבי ציון — צו זעהען אויב דיא וואַסער איז ארונטער געגאַנגען פון לאַנד אָבער דיא טויב האָט אויך ניט געפונען קיין פעסטען באָדען איהר פוס אוועקצושטעלען און זיא האָט זיך צוריק צו איהם אין דער תבה צוריקגעקעהרט, ניט וויא דיא עורבים, דיא משיחי השקר וואָס זיינען אוועק פון איהם.

ער האָט אָפּגעוואַרט נאָך א קורצע צייט און ווידער געשיקט דיא טייבעלע פון דעם קאַסטען און דיא טייבעלע איז צו איהם געקומען אבענד צייט, ווען עס איז איהם גאַנץ פינסטער געוואָרען אין דעם שווימענדען לופט קאַסטען. און וויא ענטציקט איז ער געוואָרען ווען ער האָט דערזעהען ביי דעם טייבעלע אין איהר מיילכעל איין איילבערט־בלעטעל. נח האָט דאַן פערשטאַנען אז דיא ערד ווערט בעפרייט פון דיא וואַסערען.

ישראל סבא, פונקט וויא נח, האָט שוין אויך דערלעבט צו זעהען וויא זיינע טייבעלאך ברענגען איהם איילבירט־בלעטלאך, עצי זית, ענבי גפן, גוטע ווייגען, טהייערע קאָניאַקס פון זיין לאַנד און דיא האָפנונג ווערט וואָס ווייטער גרעסער, אז דיא צייט

איז נאָהענט ווען ער וועט אויך ארויס פון זיין צוויי טויזענד יעהריגע תבה און ער וועט זיך אומקעהרען צו זיין אלט־ניי־לאנד מיט א פריש ניי לעבען וויא נח נאָך דעם מבול.



# לך לך

ולא נשא אותם הארץ לשבת יחדו.

צוויי פערשיעדענע כאראקטערע, צוויי קאָנטראסטען זיינען געווען דער אָנקעל אברהם מיט זיין פּלימעניק לוט.

דער ערשטער איז געווען דער גרויסער אידעאליסט און ערפינדער פון מאָנאָטהעאיזם, (אחדות הבורא), דער סימבאָל פון מדות טובות און ריינע מענשליכקייט אויף דור דורות.

דער צווייטער איז געווען א ניעדעריגע ליידענשאפטליכע בריאה, אן איינפאכער פערדאָרבענער שכור, אויף אזוי וויט, אז ער איז בעגאנגען דעם שענדליכסטען פערברעכען מיט זיינע אייגענע צוויי טעכטער.

טראָץ דעם האָט דער אלטער אברהם איהם ניט פערלאָזען, איהם מקרב געווען און מיטגענומען אויף זיין רייזע. דאָס האָט אזוי לאנג געדויערט ביז עס האָט אויסגעבראָכען א קריעג צווישען זייערע פּאסטוכער.

# לך לך

דער אלטער „אב המון גוים“ וואָלט נאָך אליין גע־דולדעט, איבערגעטראָגען, נאָר דאָ ערקלעהרט מען אונז ווארום זיי האָבען זיך געמוזט שיידען. אונזער הייליגע תורה זאָגט בזה הלשון:

„ויהי ריב בין רועי מקנה אברהם ובין רועי מקנה לוט והכנעני והפריזי אז יושב בארץ.“

אין גרונד גענומען זיינען דיא ווערטער גאָר ניט פאסענד צו דער ערצעהלונג, וואס איז אונז דער חילוק ווער עס איז דעמאָלט געזעסען אין יענעם לאַנד? דאָך ווען מיר בעטראכטען דיא זאך גרינדליכער, פער־שטעהען מיר ערשט אז דיא תורה ערקלעהרט אונז דיא אורזאכע ווארום דער גוטער פאטריארך אברהם האָט זיך געמוזט שיידען מיט זיין ברודערס זוהן.

פאר איהם אליין, פאר אברהם'ן וואָלט דאָס ניט אויסמאכען, ער וואָלט מיט זיין רוהיגען כאראקטער אלסדינג איבערגעטראָגען, נור ער האָט מורא געהאט פאר א חלול השם, ווייל „והכנעני והפריזי אז יושב בארץ“. דאָס הייסט: „מה יאמרו הבריות?“ וואָס וועלען לייט זאָגען?...

דאָס איז א מוסר השכל פאר אונז, אברהם'ס קינדער, מיר זאָלען זיך לערנען פון אונזער פאטער זיך צו היטען פאר חלול השם, מורא האָבען פאר דעם

„למה יאמרו הגוים?" — עס זאָל ניט קומען צו קיין חלול השם פאר דעם כלל ישראל.

דאָס איז א מוסר השכל פיר יעדען אידען בפרט אויך פיר יעדע שוהל, חברה, סאָסייעטי, לאָדזש און יוניאָן בכלל. אונזער כבוד דאַרף ביי אונז תמיד זיין טהייער און אונזער נאָמען — הייליג.

אברהם מיט לוט׳ן זיינען געווען דערווייטערט אין כאראקטער איינער פון צווייטען פיעל מעהר וויא א רוסישער איד פון דעם דייטשען אידען; פיעל ווייטער וויא אן אָרטהאָדאָקס פון דעם רעפאָרמער, וויא א חסיד פון דעם מתנגד, וויא א ליטוואק פון א וואָלינער, אפילו וויא א רעליגיעזער פון דעם פריי־דיינקער. ואחרי ככלות הכל, ווען עס איז געקומען צום שיידען זיך, וויא שטיל און וויא רוהיג האָט אונזער פאטער אברהם בעהאנדעלט זיין אונגליקליכען פלימעניק לוט. ער האָט צו איהם רוהיג געזאָגט: „אל נא תהי מריבה ביני ובינך ובין רועי ובין רועך. כי אנשים אחים אנחנו". איך בעט דיך, פריינד מיינער, זאָל ניט זיין קיין מחלוקות צווישען אונז און צווישען אונזערע מענשען. ווייל מיר זיינען דאָך ברידער, אייגענע בלוט און פלייש.

און אברהם האָט געגעבען לוט׳ן דיא ברירה ער אליין זאָל זיך אויסקלייבען וואוהין צו געהן, רעכטס

אָדער לינקס. לוט האָט ניט געהאט קיין שום אנ־
ווענדונג דאגעגען. ער האָט דערזעהען דעם „ככר
הירדן כי כלה משקה“.... האָט ער זיך גלייך געזע־
גענט מיט זיין פעטער און איז אוועק דאָרט וואו דיא
„משקה“ געפינט זיך.

וואָס זעהען מיר נאכהער? האָט דער פרומער
און גאָטספאָרכטיגער פעטער פערגעסען אָן זיין צו־
לאָזענעם ברודער'ס זוהן? האָט זיך דער אמת'ער
איד, דער פאטער פון דער אידישער נאציאָן שוין ניט
מעהר אינטערעסירט מיט זיין פערפיהרטען און גע־
זונקענעם פריינד?

ניין, דאָס אמת'ע אידישע הארץ פערגעסט ניט.
וויא א מלאך אלקים האָט ער איהם געהיט פון ווייטען
און בעשיצט.

אָט וואָס דיא תורה דערצעהלט אונז איבער א
דראמאטישער צוטרעפונג אין לעבען פון דעם גרויסען
איד:

— ויבא הפליט ויגד לאברהם העברי —והוא
שוכן באלוני ממרא האמורי, אחי אשכול ואחי ענר והם
בעלי ברית אברם — וישמע אברם כי נשבה אחיו
וירק את חניכיו....

און עס איז געקומען דער ענטרונענער, און ער

האט אנגעזאגט אברהם׳ען וואס וואהנט אין פלוין פון ממרא, דער אמורי, וועלכער איז א ברודער פון אשכול און ענר וועלכע זיינען אויך געווען אברהם׳ס גוטע ברידער און הויז־פריינד. ווען אברהם האט געהערט אז זיין ברודער איז געפאנגען געווארען, האט ער גענומען כלי־זיין און בעוואפענט זיינע מענשען און איז געלאפען איהם העלפען....

דער סיפור אליין איז זעהר א שעהנער און טראגט אין זיך דיא שעהנסטע מאראל אין אננעהמען זיך פאר א פריינד.

אבער צו וואס האט אונז דיא תורה אנגעגעבען אברהם׳ס אדרעסע? און וואס איז דער חילוק מיט וועמען אברהם האט געוואהנט? וואס אינטערעסירט אונז איבערהויפט דיא נעמען פון דיא דריי ברידער ענר אשכול וממרא, וועלכע זיינען געווען אברהם׳ס הויז־פריינד?

נור אונזער תורה רעדט ניט אומזיסט. איהרע ווערטער זיינען ניט סתם אין דער וועלט אריין. אברהם אבינו׳ס אדרעסע פון פיער טויזענד יאהר צוריק איז נאך יעצט אויך דער חותם תכנית פון דער העכסטע מדה מענשליכקייט.

עס איז ניט קיין וואונדער, ווען אין רוסלאנד

מאכט זיך א שרפה אין איין שטאָדט און דיא צוויטע שטרעקט באלד אוים איהר העלפענדע האנד, וויל זיא איז אליין ניט זיכער אז איהר זאָל ניט טרעפען דער זעלבער אומגליק און זיא וועט אמאָל אויך דאר־פען פאָדערען הילפע, דאָס הייסט פשוט „גומלין“, וואָהלטהאט, אָבער ריכטיגע און וואהרע צדקה, הייסט, ווען עס מאכט זיך אן אומגליק אין רוסלאנד אָדער אין רומעניען און אונזערע ברידער וועלכע וואָהנען אין דיא ליכטיגע פרייע לענדער וויא אמעריקא און ענגלאנד ערוואכען מיט הילפע ניט ערווארטענדיג קיין „גומלין“, צוריק בעצאָהלען. דאָס הייסט וואהרע טוגענד, אידישע וואָהלטהאט!

אין דעם זעלבען זינן ערקלעהרט אונז דיא תורה אז אברהם איז ניט געגאנגען העלפען לוט'ן וויל ער האָט ערווארטעט פון איהם צוריק א טובה. ניין, אברהם האָט געוואָהנט אונטער דעם שוץ פון דעם גוטען ממרא — דער דאמאלסדיגער דזשאָרדזש וואַ־שינגטאָן — און ענר מיט אשכול, זיינע ברידער זיי־נען געווען אברהם'ס בעסטע פריינד. ער האָט קיין מורא ניט געהאט פאר קיין פערפאָלגונג. און דאָך „וישמע כי נשבה אחיו“ ווען ער האָט געהערט אז זיין ברודער איז אין געפאהר, האָט ער געוואָלט איהם צוהעלפען ניט קוקענדיג דארויף וואס ער איז פער־

שיעדען פון איהם אין אידעען, זיטען און געפיהלען. ער איז אפילו נאָר געווען זיין פלימעניק, אָבער אין א צרה, דערצעהלט אונז דיא תורה אז ער איז געוואָרען זיין אייגענער לייבליכער ברודער!

---

און דער ערשטער פאטריארך אונזערער איז אויך געווען אונזער ערשטער נביא, זיין ערשטע נבואה לע־זען מיר אין היינטיגע סדרה אין וועלכע עס שפיעגעלט זיך אָפּ אונזער פיער טויזענד יעהריגער שיקזאל.

דער פאָטער פון דער עוויגער נאציאן האָט אָנגע־פאנגען צו לערנען דיא סדרה „לך לך", וועלכע מיר האָבען נאָך עד היום ניט געענדיגט.

איבער דעם גאנצען ערד־באָל האָבען מיר זיא אייביג געלעהרנט און הייטע לעהרנען מיר זיא נאָך מיט מעהר פליים.

דער אויסרוף „לך לך" קלינגט אונז היינט אין דיא אייערען וואו מען טהוט זיך נאָר א קעהר, אין אלע גרויסע און קליינע וואָקזאלען, איבער אלע ברעגען פון דיא ימים און גרענעצען פון גרויסע און קליינע לענדער. אם שטארקסטען הערען מיר דעם געשריי „לך לך" פון דיא רוסישע און רומענישע זשאנדארען ביי זייערע פערשאָלטענע גרענעצען, און דער עכא, דאס

וויעדער קול קלינגט אָפּ אין דיא פּאָרט־שטעדט וויא האמבורג, ברעמען, אנטווערפען, ראטערדאם, ליווער־פּאָל א. ז. וו. פון דאָרט הערט עס זיך ביז דעם קליינעם טרעהרענס־אינזעל „עלים איילאנד" אין אמעריקא.

דער אָנפאנג פון דער היסטאָרישער טרויעריגער סדרה האָט אָנגעפאנגען דער ערשטער גרויסער און היי־ליגער איד אברהם. אין באלד האָט מען אָנגעפאנ־גען ווייזען ליעבעס צייכענס צו זיין פרוי שרה, וויא זייער שטייגער איז עד היום אריינצוכאפּען אונזערע טעכטער אין דיא עסטרייכישע קאטוילישע קירכען, וואו עס ווערען אין גאָטעס נאָמען אָפּגעטאָהן דיא גרעסטע מעשים תעתועים.

ווען אברהם האָט דערזעהען אין דער ערשטער מחזה, אין דער ערשטער נבואה זיינע, דאס פינסטערע לעבען, דעם בלוטיגען און גרויזאמען שיקזאל פון זיינע קינדער אין פרעמדע לענדער אונטער דעספּאָטישע הערשאפטען, דאן „והנה אימה חשכה גדולה נופלת עליו". דאן איז א גרויסע פינסטערע שרעק אויף איהם אָנגעפאלען, און פירכטערליך האָט ער אויסגעשריען: „הן לי לא נתת זרע" דאס הייסט אונטער אזעלכע אומשטענדען, אונטער אזא סאָרט לעבען צווישען פרעמדע נאציאנען וועלען זיי ניט קענען זיין מיינע

קינדער, מיינע גייסטיגע קינדער, זיי וועלען זיין גע־צוואונגען צו אסימילירען זיך מיט זייערע אונטער־דריקער און פייניגער.

„ויוצא אותו החוצה“ דאן האט איהם דער אלמעכטיגער ארויס גענומען אין דרויסען, ארויס, אי־בער אלע פעלקער, דאס הייסט ער האט איהם בעוויע־זען אז זיינע קינדער וועלען זיין א „יוצא מהכלל“, אנדערש וויא אלע נאציאנען, צו זיי וועט אסימי־לאציאן קיין שליטה ניט האבען און זיי וועלען עוויג זיין זיינע קינדער אן „עם לבדד“, אן אבגעזונדערטע נאציאן וועלען זיי פערבלייבען.

און וויא שרעקליך וויא גרויזאם איז געווען דאס בילד, דער „ברית בין הבתרים“, דער בונד צווישען דיא שטיקער פלייש, דער סימבאל פון דיא אידישע צושניטענע קערפערס פון דיא הרוגים און קדושים אין אלע דורות און אין אלע לענדער, פון ירושלים ביז קישינעוו און פון נבכדנצר׳ן ביז סטאליפינען, דער דריי טויזענד יעהריגער „ברית בין הבתרים“ עקזיס־טירט נאך אלץ ווייטער, אבער ניט צווישען קאלב אדער ציעגען־פלייש נאר צווישען מענשליכע אידישע פלייש פון אלטע און יונגע, מענער און פרויען און אייך פלייש פון קליינינקע קינדערלאך!

# לך לך

„ויהי השמש לבא, ותרדמה נפלה על אברם
והנה אימה חשכה גדולה נפלת עליו".

און דאן איז דיא זונן אונטערגעגאנגען און א שטארקער שלאף איז אויף אברהם'ען אנגעפאלען, און א שרעקליכער פינסטערער בילד איז פאר זיינע אויגען ערשיענען. — און פון זיין טיעפען הערצען האט זיך ארויסגעריסען: „אוי מיינע קינדער, מיינע קינדער, געקוילעט, צוריסען, געשענדעט און פערניכטעט, גאט !..."

און דאס שרעקליכע בילד איז פון אברהם'ען פער־שוואונדען און פאר זיינע אויגען איז ערשיענען דאס הערליכע, רייצענדע בילד פון דעם הייליגען לאנד מיט איהר גאנצען פראכט און גלאנץ, מיט איהרע הויכע שטאלצע בערג און גרינע טהאלען, און גאטעס שטימע קלינגט שטארק און מעכטיג אין זיינע אויערען: „לזרעך נתתי את הארץ הזאת". דו זעהסט דאס שעהנע לאנד, אט דאס בעלאנגט צו דיינע קינדער און דאס וועט זיין זייער בעלאהנונג פיר אלע זייערע ענויים און צרות וואס זיי האבען געליטען אין גלות. אמן.

## וירא

„מפי עוללים ויונקים יסדת עוז".
(תהלים ח.)

קיין גרעסערער גייסטיגער פערגעניגען גיבט ניט פאר דעם מענשען וויא דיא עראינערונגען פון דער קינדהייט. דיא קינדערשע יאהרען לאזען אין אונז איבער אייביגע זכרונות אויף אונזער גאנצען לעבען. בעזאנדערס דיא אידיש קינדערשע יאהרען אין דעם גהעטא לעבען: דער חדר, דער רבי, דער בעהעל־פער, דיא ווינטערדיגע אבענדען, דיא חלב'נע ליכט, אויף 'עם לאנגען טיש, און דעם מאמענט ווען דער רבי האט א מאך צו געטהאן זיין גמרא און א זאג געטהאן: „קינדער געהט אהיים!"

אט דאס אלעס לעבט אין אונזער זכרון אזוי פריש אז מיר מיינען און פיהלען גלייך וויא עס וואלט נעכטען געוועזן. מיר פיהלען יעצט דעם טעם פון בעפרייאונג וואס מיר האבען יעדען טאג דאן פערזוכט, ארויסגעהענדיג פון'ם קליינעם ענגען חדר אויף דער פרייער גאס. מיט דיא קליינע קינדערשע הענדלאך האבען מיר צוגעהאלטען דיא געקנייטשטע פאפירענע לאמטערן, דיא אויסגעשמירטע אין בוי־

מעל ; און דיא מיילער אונזערע האָבען מיר אָפען געהאלטען אריינצושעפען אין זיך דיא פרישע קוויר קענדע לופט וועלכע האָט אונז אין'ם איינגען חדר א גאנצע טאָג געפעהלט. און פאר גרויס פרייד האָט זיך ערוועקט אין אונזערע יונגע הערצער דיא ליעבע צו דער „בת-השירה“ און אלע מיט איין כאָהר האָבען מיר אָנגעפאנגען צו זינגען : „עמון ומואב מהרה תכלה, פדותך לעמך בקרוב תגלה, ציון תמלא מעם אלה“.

זים זיינען געווען דיעזע ווערטער צוזאמען מיט דעם נגון וועלכען אונזערע פאטערס האָבען געזונגען יעדען שבת-צו-נאכט. — ארעמע קלייניקע אידישע קינדערלאך, נאָך אין זייער קינדהייט פיהלען זיי דעם ביטערען, פינסטערען גלות און בעטען ערלייזונג פיר זייער פאלק !

---

זאָגט אייך וואס איהר ווילט. קריטיזירט דעם חדר מיט אלע זיינע פעהלערען : מיט זיין ענגשאפט און אונריינליכקייט, דעם רבי'ן דעם נערוועזען מיט זיין גאנצע אונוויסענהייט אלס פעדאגאָג און קינדער ערציהער. און דאך איז אין דעם חדר געווען עט־וואס ערהאבענעס, עטוואס היילינעס און בעגייסטער־

רונג, וואס קיין שולע, קיין נאציאן אין דער וועלט פערמאָגט דאס ניט !

אָ, דוא פינסטערער ליכטיגער חדר ! דוא קליינער גרויסער, נידעריגער הויכער חדר ! וויא פיעל גרויסע מענשען מיט שלאפע קערפער און שטארקע נשמות האָסט דו אונז, אין אלע גלות לענדער, ארויסגעגעבען. וויא העלע שטערען האָבען זיי געשיינט אין אונזערע פער׳חשך׳טע הימלען. דיא פינסטערנים האָבען זיי פערטריעבען אום מיר זאָלען זעהען א וועג ווייטער צו געהן און געפינען אן עקזיסטענץ פאר אונזער לעבען.

יא, קריטיקער, איהר זייט היינט העלדען צו בעשרייבען דיא אלע פעהלערען פון יענעם חדר, היינט, אין דער צייט וואס אין ציוויליזירטע לענדער זיינען אָפען דיא אלגעמיינע שולען פיר אייערע קינדער. אָבער שטעלט אייך פאר דיא מיטעל־עלטער, ווען דער איד איז געווען פערשפארט אין דער גהעטא וויא אין אן ענגע שטייג, ער האָט דיא ליכטיגע וועלט פאר זיינע אויגען ניט אָנגעזעהען, וואס וואלט פון אונז דאן געווארען ווען ניט דער חדר מיט זיין ליכטיגע פינסטערנים, מיט זיינע ניט עסטהעטישע אבער עס׳הישע לעהרען וועלכע ער האָט אונז געגעבען, וואס

וואָלט פון אונז געוואָרען ? !

---

דאָרט, אין דיא קליינע פינסטערע חדרים האָבען מיר געלעהרענט דיא גרויסע ליכטיגע ווינטער סדרות, וועלכע האָבען אין אונז „נשמות יתרות" בעשאַפען, און אונז געגעבען דעם גייסטיגען פערגעניגען וועלכער ערקוויקט אונז נאָך מיט זיינע עראינערונגען ביז היינטיגען טאָג.

מיר קליינע אידישע קינדערלאך האָבען דורכ־געלעבט און מיטגעמאכט אין דיא גרויסע ווינטער נעכט אלעס, אלעס וואס אונזערע אור־אור־עלטערען האָבען מיטגעמאכט אין זייער גאנצען לאנגען לעבען. מיר האָבען גענומען אנטהייל אין זייערע ליידען און אויך אין זייערע פריידען. צוזאמען מיט אדם און חוה'ן זיינען מיר אין גן עדן געזעסען ווען מיר האָבען געלערענט בראשית, אויף דעם ביטערען שלאנג זיינען מיר שטארק אין כעס געוואָרען ווארום ער האָט איבערגערעדט חוה'ן צו עסען פון „עץ הדעת", מיט אונזער גאנצער ברענענדער קינדערשער פאנטאזיע וואלטען מיר דוכט זיך אָנגעכאפּט דער מוטער חוה'ן פאר איהרע הענד און אויסגעשריען : „עס ניט, דוא וועסט חרטה האָבען !" און מיט שרעק האָבען

מיר געפיהלט דעם מאָמענט ווען זיא האָט אויך אדם'ען געגעבען צו פערזוכען. און באלד האָבען מיר געהערט מיט אונזער שארפע קליינע אויערלאך גאָטעס אויסגעשריי צו אדם'ן: „איכה ? !" און אין דעם מאָמענט זיינען מיר צוזאמען מיט אדם און חוה'ן, וויא אונזערע הערצעלעך האָבען אונז פריהער געזאָגט, ארויסגעטריעבען געווארען פון גן עדן....

---

אין דער סדרה נח האָבען מיר זיך געפיהלט צו־זאמען מיט נח'ן און זיין פאמיליע פערשפארט אין דער תבה. מיט דער גרעסטער אונגעדולד האָבען מיר געווארט אויפ'ן רעגענבויגען, דיא הימלען זאָלען קלאָר ווערען און מיר זאָלען פטור ווערען פון דעם שרעק־ליכען מבול.

---

פרעהליכער, מונטערער און לעבהאפטער זיינען מיר געווארען ווען מיר האָבען אָנגעפאנגען לערנען די סדרה „לך־לך". דאן האָבען מיר געפיהלט דאָס פרישע בעקאנטשאפט מיט אונזער ערשטען געטליכען גראָס־פאטער, דער ערשטער גרויסער איד אברהם. מיר האָ־בען איהם פשוט ליעב בעקומען, אויף איין מינוט האָ־בען מיר איהם פון געדאנק ניט ארויסגעלאזען, שטארק, זעהר שטארק האָט אונז געערגערט וואס לוט,

זיין פּלימעניק האָט איהם עגמת נפש פערשאַפט. מיט פרייד האָבען מיר זיי פאנאנדער געשיידעט. און מיר אליין זיינען ביי אברהם'ען פערבליעבען..... און דאָך, זאָפּאַרט וויא מיר האָבען דערהערט אז לוט איז אין כדרלעומר'ס הענד ארייגעפאלען האָבען מיר גלייך פערגעסען אן זיינע פריהעריגע האנדלונגען און גלייך מיט אברהם'ען זיינען מיר איהם געלאָפען רעטען, ווייל בלוט איז ניט קיין וואסער ! ער איז אונזער קאָזין און דו, כדרלעומר האָסט קיין רעכט ניט איהם צו פערפאָלגען !... אָה, וויא פיעל מאראל, וויא פיעל גוטע זיטען האָבען מיר עם דאפון געלערענט !

---

מיר האלטען שוין פרשת „וירא". אברהם איז שוין אן אלטער מאן. קראנקערהייט זיצט ער, דער אלטער פאטריארך ביי זיין געצעלט און קוקט אויס צו דערזעהען ערגעץ וואו הונגעריגע, דורשטיגע פוס־געהער זייער הונגער און דורשט צו שטילען. און וויא אויפגעלעבט האָבען מיר זיך געפיהלט ווען מיר האָבען ענדליך בעקומען דריי הונגעריגע געסט און דאָס אלטע פאָאר פאָלק האָט זיך געפאָרעט און געמאכט פאר זיי א גאנצע סעודה.

געבען הונגעריגע — עסען, דורשטיגע—טרינקען,

אַט דאָס איז דער פונדאמענט פון דעם ערשטען אידען אין יודענטהום!

איך געדענק נאָך וויא יעצט, אז אין אונזער שטאָדט איז פּרשת „וירא“ א גרויסער מגיד געקומען— דער „קעלמער“ האָט מען איהם גערופען—און דאָ האָט זיך שוין אונזער רבי ניט געקענט איינהאלטען. ער האָט אונז אליין אין חדר געלאָזען און אונזער גוטען חבר—הערשעלע האָט ער געהייסען—האָט ער איבער־געלאָזען אויף אונז אכטונג צו געבען. און ער אליין איז אוועק אין בית המדרש הערען דעם גרויסען מגיד.

דיא זון איז שוין דאן געווען אונטערגעגאנגען, אין חדר איז געוואָרען דונקעל אָבער אונז איז געווען ליכטיג. וויא פינקעלענדע שטערען אין פינסטערען הימעל האָבען אונזערע אויגעלאך געבלישצעט פון פרייד. פון טיעפען הארצען האָבען מיר געוואונשען: געזונד זאָל זיין דער גרויסער מגיד וואָס אין זיין זכות זיינען מיר בעפרייט געוואָרען דעם אבענד. יא פינסטער איז געווען אין חדר אָבער ליכטיג אין אונזערע הערצ־לאך, אָ וויא היילינ איז דיעזע פינסטערנים.

הערשעלע, דער קליינער חבר אונזערער האָט אונז באלד אָנגעהויבען פעראינטערעסירען מיט זיינע שעהנע מעשה׳לאך, און מעשיות דערצעהלען האָט ער געקענט

א סך, ער האָט געהאט א גוטען זכרון מיט א געשלי־
פענעם צינגעלע, דער רבי האָט אויף איהם נביאות גע־
זאָגט, אז ער וועט אמאָל זיין א גרויסער מגיד.

קודם כל, זאָגט הערשעלע, לאָמיר מאכען א סעודה
לכבוד דער סעודה וואָס אברהם האָט געמאכט פאר
זיינע אורחים. באלד האָט דיא רבי'צען דיא ליכט
אָנגעצונדען און אלע קינדער האָבען זייערע „מיט־
זיך'ס", וואָס זיי האָבען פון דער היים מיטגענומען,
אויפ'ן טיש אוועקגעלייגט. חברים זיינען מיר געווען
אכט, דריי רייכע גבירישע קינדער און פינף ארעמינקע.
די רייכע האָבען ארויפגעלייגט אויפ'ן טיש קאָטלעטען
מיט היהנער פלייש און דיא ארמע — שטיקלאך
שווארצע ברויט בעשמירט מיט פוטער מיט קליינע
„גראשענע" שטיקלאך הערינג אָדער קעז. און מערק־
ווירדיג, דיא רייכע קינדער האָבען פיעל מעהר חשק
געהאט צו דיא שווארצע ברויט מיט הערינג וויא
דיא ארעמע צו דיא קאָטלעטען.

הערשעלע האָט אויסגערופען: „פריהער וועלען
מיר אלע עסען דאס מילכיגע נאכהער וועלען מיר אויס־
שווענקען דיא מיילער אונזערע און נעהמען זיך צו
דיא פליישיגע, אברהם האָט מיט דיא אורחים אויך
אזוי געטהאָן וויא מיר האָבען היינט געלעהרנט:

„ויקח חמאה וחלב ובן הבקר“ און ער האָט גענומען בעפאר די פוטער און דיא מילך און נאכהער דאָס פלייש“.

דיא חברים האָבען איהם אויסגעהערט און האָבען טאקע אזוי געטהאָן. אָ! וויפיעל מאָראלישע פּלאנ־צונגען זיינען אזוי ארום איינגעפלאנצט געוואָרען אין דיא יונגע זעקס־זיבען יעהריגע קינדערשי הערצלאך. נאָך אין דער קינדהייט האָבען זיי שוין אָנגעפאנגען קעמפּפען מיט זיך, זיי האָבען שוין געהאט אין זיך געגוג מענשליכעס ניט צו זיין וויא דיא טהירע (חיות) צו טהאָן באלד דאָס וואָס עס פערגלוסט זיך, זאָגאר דאס ארעמע קינד וואָס האָט מיט דיא אויגעלאך גע־שלונגען דיא קאטלעטען האָט אויך זיך צוריק געהאל־טען און געדולדיג אויסגעוואַרט ביז אלע וועלען אבעסען דאס מילכיגע און מען וועט זיך דיא מיילער אויס־שווענקען.

און וואס האָט געווירקט אויף דיא קליינע קינ־דער איינצוהאלטען זייערע ליידענשאפטען ? — דער איינער פּרינציפּ : „מען טאָר ניט“.

אונזערע רעפאָרמער מענען מיט רעספּעקט בויגען זייערע קעפּ פיר׳ן פּרינציפּ „מען טאָר ניט“ וועלכען זיי ליידער האָבען אין גאנצען פערניכטעט. טויזענדער

עטהיקעל קולטור שולען און סאנדיי סקולס מיט דיא פראכטפאָלע לעקטשורס פון די צעהן־פופצעהן טויזענד דאָלערדיגע רעוורענד דאָקטאָרס קענען ניט איינפלאנ־צען קיין צעהנטעל טהייל מאָראל און עטהיק אין דיא קינדערשע הערצער וויא דער פרינציפ „מען טאָר ניט".

דיא סעודה'לע האָט זיך געענדיגט און דער רבי איז נאָך אלץ ניטאָ — הערשעלע האָט זיך אוועקגע שטעלט אויף דעם רבי'ס שטוהל, דאס טישטוך פון'ם טיש האָט ער פאר א טלית אָנגעטהאָן און זיך געמאכט פאר א מגיד. מיר האָבען זיך אלע גוט איינגעהערט וויא ער מיט זיין געשליפענעם צינגעלע האָט אונז אויפ'ן מגידי'שען אופן א מעשה'לע דערצעהלט. מיט א זיס קול'כיל און געשמאק ניגנ'דעל האָט ער געזאָגט:

„אז משיח וועט קומען וועט גאָט מאכען צוויי בריקען אויף דעם גרויסען ים, איינעם אן אייזערנעם און דעם צווייטען א פאפירענעם, אויפ'ן אייזערנעם בריק וועלען געהען אלע פעלקער און וועלען אריינ־פאלען, און אויפ'ן פאפירענעם בריק וועלען געהן דיא אידען און וועלען קומען אין ארץ ישראל".

מיט פלאמענדע אויגעלאך האָבען מיר געקוקט אויפ'ן קליינעם מגיד'ל און מיט אונזערע הענטעלאך האָבען מיר איהם אפלאָדירט. איין איינגעלע פון אונז,

יוסף'קע האָט ער געהייסען, האָט געפרעגט א קשיא: וויא קען דאָס זיין? אייזען איז דאָך שטארק און פאָ־ פיער רייסט זיך דאָך, טאָ וויא אזוי וועלען דיא פעל־ קער ארייגפאלען און מיר וועלען בלייבען? איז דאָך בעסער אז מיר זאָלען געהן אויפ'ן אייזערנעם און זיי אויפ'ן פאפיערענעם בריק!

הערשעלע האָט דארויף באלד געענטפערט: „חכם איינער! דאָס איז דאָך קיין קונץ ניט, גאָט וויל דאָך אָבער טהאָן א נס".

איך בין עלטער געוואָרען. איך האָב שטודירט די אידישע היסטאָרי, דאָן האָב איך ווירקליך אויסגע־ פונען, אז הערשעלעס מעשה מיט דיא צוויי בריקען ענטהאלט אין זיך דעם גאנצען פיער טויזענד יאָהריגען עקזיסטענץ. פון אברהם אבינו מיט דעם גבור נמרוד ביז דעם ישראליק מיט סטאליפינען געהן אלע דיא פעלקער אויף אייזערנע בריקען און פאלען ארונטער אין דעם ים פון פערגעסענהייט, און ווערען פערשוואונ־ דען פון דער וועלט, ישראל אָבער געהט אויף זיין פאָ־ פירענעם בריק, דאָס הייסט זיין תורה, זיין ליטעראַ־ טור, זיין מאָראלישע לעהרע און עקזיסטירט עד היום. פיעלע אייזערנע בריקען, פיעלע פעסטונגען זייערע זיינען שוין צושמעטערט געוואָרען, קיין זכר איז פון

זיי שוין ניטאָ. און אונזער פּאַפּירענער בריק, אונזער תורה איז שטארק געגוג. קיין איינציגע כלי משחית, פון א פייל און בויגען ביז דיא שטארקסטע קאנאָנען און באָמבעס קענען איהר ניט פערניכטען. און ישראל האָפּט נאָך צו געהן אויף זיין אלטען בריק צו זיין אלט־ניילאנד צו דעם אָרט פון וואנען דיא אייזערנע בריק אונזערע שטאמט.

פיעלע מאָל האָט שוין געטראָפען אין דער היס־טאָרי, אז דיא צוויי בריקען האָבען זיך באגעגענט. אין אזא פאל ליידעט דער פּאַפּירענער בריק זעהר פיעל: ער קנייטשט זיך דאָך צוזאמען, ווערט ערטער וויים פייכט פון דיא „מים הזדונים" וואָס מען שפּריצט אויף איהם מיט געוואלד. ערטערוויים ווערט ער פער־שטויבט פון דעם אייזען שטויב בעת דיא בריק פאלט אויף איהם אָן. קומט אָבער באלד א מזרח ווינד און בלאָזט אָב פון איהם דעם שטויב, טריקענט אָב פון איהם דאס וואסער און ווידער בלייבט ער דער זעל־בער ישראליק פריש וויא ניי געבוירען.

מיר געפינען אין דיעזער סדרה וויא דער מלך סדום האָט געזאָגט צו אברהם'ען: „תן לי הנפש והרכוש קח לך", גיב מיר דיא נשמה וועל איך דיך לאָזען לעבען אין רייכטהום. אויף דעם האָט אברהם געענטפערט:

„הרימותי ידי לאל עליון קונה שמים וארץ. אם אקח מחוט ועד שרוך נעל ולא תאמר אני העשרתי את אברם", איך שווער ביי מיין גאָט אז איך וועל ביי דיר ניט נעהמען אפילו וואָס א האָאר איז ווערטה אום דוא זאָלסט (ניט קענען זאָגען איך האָב רייך געמאכט אברהם'ען) איבער מיר קיין שליטה ניט האָבען.

דיעזען דיאלאָג האָבען מיר געהערט און מיר הע־רען נאָך היינט אויך אין יעדער צייט ווען דער אייזער־נער בריק באגעגענט זיך מיט דעם פאפיערענעם: רבשקה צו חזקיהו'ן, אנטיכוס צו יהודה המכבי, פער־דינאנד צו אברבנאל, ניקאָלאי צו אונזערע זעקס מי־ליאָן ברידער, אָט דיא אלע שטעהענדיג אויף זייערע אייזערנע בריקען שרייען צו אונז אויפ'ן פאפירענעם בריק: „תן לי הנפש והרכוש קח לך" די נשמות, דיא נשמות גיט אונז אוועק! אָבער אויף דעם איז געווען דער ענטפער און ער איז נאָך אויך ווייטער: „הרימותי ידי לאל עליון קונה שמים וארץ" און וואָס זעהען מיר —רבשקה, אנטיכוס, פערדינאנד זיינען צוזאמען מיט זייערע בריקען אונטער געגאנגען און ישראל לעבט און וועט נאָך איבער לעבען אויך ניקאָלייען מיט זיין אייזערנעם בריק...

אָט דיעזע ערהאבענע אידעע האָט אין זיך ענט־

האלטען הערשעלעם קליינע געשיכטעלע „כי מפי עוללים ויונקים יסדת עוז“.

און וויא געטליך, הייליג און ערהאבען איז דאס בילד אין היינטיגער סדרה וירא ! וויא דער הייליגער פאטריארך, דער גרינדער פון יודענטהום האלט פערשפרייט זיינע אלטע עדעלע הענט צום הימעל, און בעט מיט טרעהרען, פיר וועמען ? פיר סדום ! ער בעט פאר דער זינדיגער און טיעף געזונקענע סדום !

אָ, גאָט ! וויא פיעל טאָלעראנץ און מענשליכקייט ליגט אין דיעזען בילד ! אברהם —ער צדיק איז מתפלל פיר דיא רשעים פון סדום !

אומגעלומפערט זינדיג, געזונקען ביז אין תהום פון שווארצע פערברעכען ליעגט סדום. גאָט וויל אויפהייבען זיין האנד צו פערדארבען און צושטערען דיא נעסט פון שלעכטקייט און אויסוואורפעריי ; דער יודע הכל, דער מנהיג כל הברואים, וויל לאָזען רעגענען שוועבעל און פעך איבער סדום און זיי פערוואנדלען אין א ים פייער, זיי אָבווישען מן היקום—נאָר אברהם, דער עדעלער איד, דער מוסטער פון אידישקייט הויבט אויף זיינע הענד צום הימעל און שרייט אויס : „רבונו של עולם ! האָב רחמנות, ערבארמען !“

ביי אברהם׳ען איז ניט געוועזן קיין מענש זינדיג

גענוג אום ער זאָל שטארבען פאר זיינע פערברעכען; זיין ערהאבענע נשמה האָט זיך ניט געקענט פאַרשטע־לען דעם אונטערגאנג אפילו פון דעם גרעסטען רשע...

אָט דאָ ליגט דער סוד פון אידישקייט פון ריינער מענשהייט!

צבי הירש מאסליאנסקי.



## חיי שרה

„הביטו אל צור חצבתם ואל מקבת בור נקרתם
הביטו אל אברהם אביכם ואל שרה תחוללכם".
(ישעיה נ"א.)

אן אלטע, זעהר אלטע געשיכטע דערצעהלט אונז דיא תורה אין היינטיגע הדרה, א געשיכטע פון פיער טויזענד יאהר צוריק. וויא אונזער נאציאנאלער פאַטער איז געווארען דער ערשטער „חברה קדישא"־מאן, דער ערשטער מתעסק אין „הלוית המת" ביי דעם ערשטען אידישען „בר־מנן" — אונזער מוטער שרה, וועלכע האָט געלעבט הונדערט זיעבען און צוואנציג יאהר.

מיר זעהען דעם ערשטען „גרענד מאסטער" און גרינדער פון דעם אלטען, גאָר אלטען ארדען „ברית אברהם", וועלכער צעהלט היינט ביז איבער צוועלף מיליאָן מעמבערס, צושפרייט איבער דער גאנצער וועלט. מיר זעהען וויא דיעזער „גרענד־מאסטער" האָט געקויפט דעם ערשטען מאָל „קרקע" פיר זיין קליינעם גרויסען ארדען ביי עפרון החתי; מיר לעזען זאגאר זיין אגרימענט וועלכען ער האָט געמאכט מיט דעם „לענדלארד" פון דיא „בני חת"; מיר ווייסען אויף די

סומע געלד וואס ער האָט אָבגעצאָהלט פיר דיא „קרקע“ און דיא סומע איז דאן געווען זעהר א גרויסע אין יענע אלטע צייטען : 400 זילבערנע שקלים ! דאס איז דאן געווען א „פארטשון“, אן אייגענס.

אָבער מיר לערנען דאָ דעם כאראקטער פון אונ־זער פאטער, דאס ער האָט זעהר פיינט געהאט נדבות „טשאריטיס“, ער האָט ניט געוואלט שנאָרען קיין אומ־זיסטע קרקע, און וויא פיעל דער לענדלארד עפרון האָט איהם איינגערעדט ער זאָל זיך לאזען בעשענקען פון איהם מיט אן אומזיסטען בית עולם און האָט איהם געגעבען דערצו דיא פיינסטע קאָמפּלימענטען : „נשיא אלהים“ געטליכער פירסט, דוא ביזט דאך ביי אונז א „רעווערענד“, מיט דיא גרעסטע עהרע וועט דיר יעדער פון אונז געבען קרקע אומזיסט. אברהם, דער שונא מתנות איז אָבער געבליעבען ביי דאס זייניגע און האָט עס ניט געוואָלט אָננעהמען. אין געגענטהייל ער האָט בעצאָהלט גוט געלד פיר דיא קברים פון זיין פאמיליע.

„ניין“, דאס וועט ניט געשעהען, האָט אברהם געזאָגט, קוקענדיג אויף דעם קערפּער פון זיין טויטע ליבע פרוי. „ניין“, איך וועל דאס ניט טהאָן, מקבר זיין מיין טהייערע שרה, מיין איבער הונדערט־יאהריגע

לעבענס־בעגלייטערין אין א פרעמדען קבר, איך וועל קויפען דיא „מערת המכפלה" אוב איך זאל נאך מיין טויט צוזאמען זיין מיט איהר אין איין קבר. מיין שרה ! איך בין מיט איהר דורכגעגאנגען דיא וויטע נסיעה פון לעבען, מיר האבען צוזאמען געלעבט און געליטען, און צוזאמען וועלען מיר בלייבען נאך'ן טויט, ווייל דער מלאך המות קען ניט צורייסען דעם בונד וואס גאט אליין האט צוזאמען געקניפט !

און טראכטענדיג דיעזע נאבעלע געדאנקען האט ער אבגעצעהלט דיא גרויסע סומע געלד צו עפרון החתי און דיא „מערת המכפלה" איז געווארען זיין אייגענ־טהום אויף אייביג.

קען נאך זיין א העכערער בעגריף איבער פאַ־מיליען לעבען ? האט אירגענד וועלכעס פאלק אין דער וועלט אזא נאבעלען ביישפיעל אין איהר גע־שיכטע ?

פרינץ רודאלף, דער זוהן פון דעם אלטען עסט־רייכישען מאנארך, פראנץ יאזעף, שרייבט אין זיין בוך : „מיין ארענטאלישע רייזע" דיעזע ווערטער:

„ווען איך בין געקומען אין „חברון" בין איך באלד געגאנגען נאך דער „מערת המכפלה". דארט האב איך געפיהלט וויא מיינע פיס שטעהען ביי דעם

גראַב פון דיא הייליגע אידישע אבות, ניט־ווילענדיג האָב איך געקניעט, מיינע הענט האָבען זיך צו דעם הימעל אויפגעהויבען, א שטראם טרעהרען האָט ארויסגעפלייצט פון מיינע אויגען און וויינענדיג האָב איך געזאָגט דיא דאזיגע ווערטער:

„דוא הייליגער פאטריארך, אברהם, וועלכען עפרון החתי האָט מיט טויזענדע יאהרען צוריק גע־קרוינט אלס „געטליכען פירסט", „נשיא אלהים" און האָט דיר אָנגעבאטען פרייע, אומזיסטע ערד פיר דיין געשטאָרבענע פירסטין שרה און דו האָסט קיין גע־שענקע ניט געוואלט אָננעהמען, יעצט הויב אויף דיי־נע אויגען און בעטראכט דעם שיקזאל פון דיינע צעהן מיליאָן קינדער צושפרייט און צוזעעט איבער אלע לענדער, פערפאלגטע און געפלאגטע פון טיראַנען און מערדער, פערהאסט און פעריאגט פון שרעקליכע פיינדע און קריגען זאגאר קיין ארט פיר געלד. אָ, שרעקליך און גרוייזאם איז דאָס לעבען פון דיינע אומ־גליקליכע קינדער, הייליגער אברהם! מיט מיינע אלע קרעפטען וועל איך זעהען העלפען דיינע אומגליק־ליכע קינדער ווען איך וועל בעשטייגען דעם עסטריי־כישען טהראָן".

דיעזע מאַיעסטעטישע ווערטער האָט געשפראָ־

כען א קריסטליכער פרינץ. דאס איז געוועזן זיין מייר
נונג איבער אברהם׳ס פאמיליען־לעבען, איבער דער
ריינהייט און היילינקייט פון דער אידישער פאמיליע,
וואו מאן און ווייב בלייבען טריי איינער דעם צוויי־
טען ביז׳ן קבר, און זיינען געשטארבען מיט דעם
ריינעם געוויסען אז זיי ליגען אין א בעצאהלטען
גראב.

בעטראכטענדיג זאגאר נאך היינט דיא לאגע
פון פרויען־געשלעכט אין דיא אריענטאלישע לענדער
און דאס וועלען פערגלייכען מיט דעם פאמיליען־לע־
בען פון אונזערע אבות מיט טויזענדער יאהרען צור
ריק, מעגען מיר שטאלצירען, מיר מעגען זאגאר שטאל־
צירען געגען מאנכע אייראפעאישע פעלקער אין דער
ציוויליזירטער צייט.

ווען דער פערסישער שאך האט מיט עטליכע
יאהר צוריק בעזוכט דייטשלאנד, און דער קייזער
ווילהעלם דער ערשטער האט איהם פארגעשטעלט
דיא אלטע קייזערין, האט זיך דער אריענטאלישער
מאנארך פערוואונדערט און האט זיך זעהר אונשולדיג
אויסגעשפראכען צו ווילהעלם׳ן: „קענסטו ניט
בעקומען אין דיין גרויסע, שעהנע לאנד א אינ־
גערע און שעהנערע פרוי וויא דיא אלטע?“

אָט אזא בעגריעף האָבען נאָך היינט דיא אריענ־טאלישע פירשטען וועגען פאמיליען־לעבען, דאך אונ־זער אלטער טאטע, דער טאטע פון אונזער נאציאן, שטעהט און גיסט טייכען טרעהרען אויף זיין הונדערט זיעבען און צוואנציג יאהריגע פרוי שרה.

אָ, וויא וייט עס זיינען דיא בעגריפע צווישען אונז און זיי, וויא צווישען ליכט און פינסטערנים, וויא צווישען יודענטהום און היידענטהום.

* * *

שרה איז געשטארבען, אברהם איז געבליעבען אָהן א „עקרת הבית" און יצחק אָהן א מוטער; אברהם שיקט אליעזר'ן זיין הויז־פרינציפאל, צו זיין פאמיליע אין ארם נהרים, אויסצופינען אן ארענטלי־כעס קינד פיר יצחק'ן אלס א פרוי; ער בעשווערט איהם, ער זאָל ניט נעהמען פון דעם כנעני'ס פערדאר־בענע טעכטער, און ער זאָל זיין זוהן יצחק'ן ניט צו־נעהמען פון איהם, ער זאָל בריינגען דיא יונגפרוי צו איהם.

אליעזר האָט אזוי געטהאָן. זעהר שעהנע פאנ־טאזיעס מיט רייכע נאטור־בילדער און ערהאבענע סצענען שטעלט אונז פאר דיא תורה אין דיא רייזע

פון אליעזר׳ן נאָך ארם נהרים. א מוסר השכל פון דעם ספור קענען זיך אראפּנעהמען אונזערע פרומע ברידער אין דער אלטער היימאטה, און בעזאָנדערס אין גאליציען, וואָלין און פּאָדאָליען. דאָרט ביי אונזערע חסידישע ברידער, וועלכע טהוען נאָך היינט שידוכים ניט פרעגענדיג זייערע קינדער, און ווען זיי ווילען שוין יוצא זיין פיר דער אינטעליגענטער וועלט זיינען זיי מקיים בוכשטעבליך דעם תלמוד וויא ער לעהרענט „אסור לקדש עד שיראנה“ דאָס הייסט מען טאָר ניט מקדש זיין א פרוי בעפאר מען זעהט איהר, און אום יוצא צו זיין, פיהרען זיי אריין דעם חתן צו קבלת פנים און ער גיט א שעהמעדיגען בליק אויף דער וויינענדיגער כלה, ער דעקט איהר צו דאס געזיכט, דיא כלי זמר גיבען א שפּיעל און דיא אונטערפיהרער פיהרען זיא אוועק שנעל צו דער „חופּה“. זיי ווילען ניט פערשטעהען דעם וואהרען, ריינעם זינן פון דעם תלמוד, אז „עד שיראנה“ מיינט, ער זאָל איהר זעהען, שטודירען און קענען אויב זיא פּאסט פיר איהם און ער פיר איהר.

גרויסע אומגליקען און פאמיליען־טראגעדיעס, טייכען טרעהרען און צובראכענע הערצער קומען ארויס פון דעם סארט גוואלד־שידוכים, וועלכע, לייר דער, פּראקטיצירען זיך נאָך היינט אויך.

איך האב אליין בייגעוואהנט וויא א חסידישער גביר איז אוועקגעפאהרען מיט זיין גאנצע פאמיליע פון פינסק נאך בראד צו טהאן א שידוך פיר זיין זוהן. אלעמען האט ער מיטגענומען אויף דיא תנאים אויסער דעם חתן, און יוען דער חתן האט א פרעג געטהאן: „פאטער, ווארום נעהמסטו אלעמען און מיך ניט?"

„דו ביזט שוואך אין געזונד, אין אזא וועטער וועסטו זיך נאך חלילה פערקיהלען", האט דער פאטער געענטפערט מיט אן ערנסט.

„נו, און אויף דער חתונה אז עס וועט זיין א שלעכטעס וועטער, וועסטו מיך אויך ניט נעהמען?" האט געפרעגט דער חתן מיט אן אונשולדיגען טאן.

דיא פינסטערע מחותנים זאלען לערנען היינטיגע סדרה און זעהען אז מיט פיער טויזענד יאהר צוריק האבען אברהם'ס מחותנים בתואל און לבן געענטפערט אליעזר'ן „נקרא לנערה ונשאלה את פיה", „מיר וועלען אריינרופען דיא מיידעל און איהר פרעגען!"

* * *

ניט אומזיסט רופען מיר אונזער תורה מיט דעם נאמען „תורת חיים". ווייל זיא איז פול מיט לעבען און מיר האבען נאך אימער פיעל צו לערנען ביי איהר,

וויא צו פערבעסערען, פערשעהענערען און פערלייכ־טערען אונזער לעבען, איבערהויפט אונזער פאמיליען לעבען.

לעזט דיעזע היילינע ווערטער און זעהט וויא גרויס זיי זיינען:

„ויביאה יצחק האהלה שרה אמו ויקח את רבקה ותהי לו לאשה ויאהבה וינחם יצחק אחרי אמו". — און יצחק האָט איהר אריינגעפיהרט אין דעם געצעלט פון זיין מוטער שרה, און ער האָט גע־נומען זיא אלס פרוי, און יצחק האָט זיך גע־טרייסט נאָך זיין מוטער.

פיעל מאָראל, פאמיליען־לעבען ליגט אין דיעזע בריליאנטענע ווערטער, דאס הייסט, דיא יונגע רבקה האָט פערטרעטען דיא שטעלע פון דער אלטער פער־שטאָרבענער מוטער שרה, און ווען יצחק האָט איהר אריינגעפיהרט אין זיין מוטער'ס געצעלט, דאן האָט ער זיך ערשט געטרייסט נאָך זיין גרויסען קומער און צער. ניט מיט ניעדעריגע ליידענשאפט האָט ער איהר עמפפאנגען, נאָר מיט דיא ריינע, היילינע, וואהרע, געטליכע ליעבע, מיט ליעבע און עהרפורכט וויא א קינד צו זיין מוטער האָט ער זיא בעטראכט, און אריינגענומען צו זיך אין זיין הויז. דאס איז דיא

אמת׳ע טהרת המשפחה פון אידישען פאמיליען־לעבען.

ערשט מיט דריי הונדערט יאהר צוריק האָט א גרויסער רוסישער שרייבער, אין אָנפאנג פון דער פאָמיליע ראָמאנאָוו, געזאָגט מוסר דעם רוסישען פאָלק אז זיי זאָלען מיטלייד האָבען מיט זייערע פרויען און ווען זיי שלאָגען זיי, (גאָר ניט שלאָגען א ווייב קען א רוסישער ליטעראט ניט פערשטעהן), זאָלען זיי ניט שלאָגען מיט שטעקענס אדער דובינעס, נור מיט שטריק און ריטער און ער האָט ערקלעהרט ווארום, ווייל מיט א שטעקען אדער א דובינע קען מען חלילה צוברעכען א ביין, אָבער מיט א שטריק מאכט מען נור א וואונד אויפ׳ן לייב און נאכהער פערהיילט זיך דאָס.

דאָס איז דיא רוסישע לעהרע פון פאמיליען־לעבען.

„האוהב את אשתו כגופו והמכבדה יותר מגופו, ומדריך בניו ובנותיו בדרך ישרה, והמשיאן סמוך לפרקן, עליו הכתוב אומר: „וידעת כי שלום א ה ל ך!" (יבמות ס"ב).

„דער וואס ליעבט זיין פרוי וויא זיך זעלבסט און שעצט איהר מעהר וויא זיך, און ערציהט ארענטליך

זיינע זיהן און טעכטער אין דעם גלייכען וועג, און פערהייראטהעט זיי יונג, אויף איהם זאגט דער פסוק: דאן וועסטו וויסען אז דיין געצעלט איז גאנץ און פריעדליך".

דאס איז דיא אידישע לעהרע פון פאמיליען־לעבען, וועלכע עס שטאמט פון אונזערע אונשטערב־ליכע פאטריארכען אברהם מיט שרה'ן און יצחק מיט רבקה'ן.

דאס איז דיא מאראל פון היינטיגע סדרה, אין וועלכע עס רוהט וויא א פערל אין בוזים פון ים דער גרויסער סוד פון אידישען פאמיליען־לעבען.



# תולדות

„הלא אח עשו ליעקב נאם ד׳ ואהב את יעקב
ואת עשו שנאתי !“ (מלאכי, א.)

„ויתרוצצו : מה היא רציצה זו ?
רבותינו דרשוהו לריצה, כשהיתה עוברת על
פתחי תורה יעקב רץ ומפרכס לצאת ; עוברת
על פתח עבודת כוכבים עשו מפרכס לצאת ;
ד״א מתרוצצים זה עם זה ומריבים בנחלת שני
עולמות“. רש״י.

צוואנציג יאהר זיינען פאריבער פון דער צייט וואס יצחק האָט גענומען רבקה׳ן און קיין קינד איז נאָך אלץ ניט געווען צו בעגליקען זייער הייליגע פער־איינינונג. דער פרומער פאטריארך האָט אָבער זיין האָפנונג ניט פערלארען און ער האָט געהאלטען אין איין מתפלל זיין צו זיין גאָט ביז זיין ליעבער נאָמען האָט בעשאָנקען רבקה׳ן מיט א צווילינג. דאס איז געווען י ע ק ב אונזער פאָטער און ע ש ו דער אָנקעל.

מערקווירדיג, א צווילינג זיינען זיי געווען און וואָס פאר א גרויסער קאָנטראסט זיי זיינען איינער געגען דעם צווייטען ביז היינטיגען טאָג.

נאָך אין זייער מוטער׳ס לייב האָבען זיי אָנגע־פאנגען צו צאנקען, קריגען זיך און שטויסען איינער

דעם אנדערען, מיט איין וואָרט, זיי האָבען אָנגעפאנ־
גען דעם שרעקליכען און גרויזאמען „ו י ת ר ו צ צ ו“
וועלכער ארבייט עד היום הזה.

אָ ! וויא פיעל בלוט, טרעהרען, קרבנות אומגלי־
קען און טראגעדיעס איבער דעם גאנצען ערד באָל האָט
געבראכט דער שרעקליכער „ו י ת ר ו צ צ ו“ ! פון
ארם נהרים ביז מצרים, פון כנען ביז בבל, פון ירושלים
ביז רוים און פון שפאניען ביז קישינעוו, אימער און
איבעראל ארבייט אלץ מיט שטורעם און מארד דער
מערדערישער „ו י ת ר ו צ צ ו“ ! און כל זמן עס וועלען
עקסיסטירען דיא „פתחי תורה“ און די „פתחי עבודת
כוכבים“ וועלען דער פאטער און דער אָנקעל האלטען
זיך ביי „ו י ת ר ו צ צ ו“.

* * *

אונזער פאטער האָט געמאכט א געשעפט : ער
האָט איינגעהאנדעלט דיא „בכורה“ ביי זיין עלטערען
ברודער, זעהר ביליג כמעט וויא אומזיסט האָט ער
געקראגען דיא בכורה. בלויז פיר א ביסעל געקאָכטע
לינדזען און א שטיקעל ברויט איז ער געווארען א
בכור. דיא געשיכטע איז מערקווירדיג : מאנכע קריי־
טיקער דארונטער אויך אונזערע אידישע רעפארעם
ראבינער, אורטהיילען יעקב׳ן אז ער האָט זעהר ניט

ריכטיג געהאנדעלט. וואס הייסט, וויא קען מען עס עקספלאטירען אן אייגענעם ברודער ? וויא קען מען זיך בענוצען מיט זיין הונגער, איהם צו דריקען אין נויטה ביז ער האט געמוזט אוועקגעבען דיא בכורה.— אין א קאטעכיזם וואס א רעפארמער רבי האט פער־פאסט פאר זיין סאנדיי סקוהל קומט אויס אז דיא קינדער אנטווארטען אויף דיא פראגען אז עשו איז געווען א „גוד באי", און יעקב א „בעד־באי".—

אויבערפלעכליך שיינט די קריטיק צו זיין ריכטיג, אבער ווען מיר זאלען עטוואס טיעפער שטודירען דיא געשיכטע, דאן וועלען מיר גאר אנדערש פערשטעהען דעם גאנצען משא ומתן פון דער בכורה.

וואס איז דאס אזוינס דיא בכורה ? וואס האט דא יעקב איינגעהאנדעלט ? האט ער גענומען מעהר ירושה פאר עשו׳ן נאך יצחק׳ס טויט ? האט ער ניט געקענט נעהמען א שטעקעל אין האנד און אנטלויפען אויף יענעם זייט ירדן, שלאפען אויף הארטע שטיינער, און פערקויפען זיך צו לבן׳ען אויף איין־און־צוואנציג יאהר אהן דער בכורה ? האבען זיינע קינדער עטוואס גענאסען מעהר עולם הזה פון דער בכורה ? יא, מיר האבען דיא בכורה עד היום, צו גלות גזירות, גירושים,

אינקוויזיציאן, שמד און פאגראמען פון וועלכע דעם אָנקעל עשו׳ס קינדער ווייסען גאָר ניט; נור מיר, מיר דיא קינדער פון דעם געמאכטען בכור האָבען דיא זכיה צו דיא אלע „גוטע זאכען“.

בעטראכטענדיג גוט, זעהען מיר, אז דיא בכורה איז ניט ווערטה געווען ניט נור דיא לינדזען מיט ברויט זאָנדערן אפילו א ביסעל קאלטע וואסער וואלטען מיר פאר איהר ניט געגעבען. עס קען זיין אז מיר וואָלטען נאָך צוצאָהלען מען זאָל זיא גאָר צונעהמען פון אונז.

אלזא, וואס איז דאָס פאָרט פאר א ביזנעס מיט דער בכורה?

נור דיא וואהרהייט איז, אז דער רעפארם רבי אין זיין קאטעכיזם האָט געמאכט יעקב׳ן פיר א „בעד־באָי“ מיט דעם פערעלטערטען טעות, אז דאָ איז געוועזן א ביזנעס, א שווינדעלע. אָבער דער אמת איז אז ניט עשו האָט פ ע ר ק ו י פ ט דיא בכורה און ניט יעקב האָט ג ע ק ו י פ ט דיא מציאה. ברויט און לינדזען האָט טאקע יעקב געגעבען זיין הונגעריגען ברודער עשו, אבער ניט פאר דער בכורה, וויא מיר ווע־לען לערנען פון דעם שטיקעלע חומש אין היינטיגע סדרה תולדות:

„וימלאו ימיה ללדת, והנה תומים בבטנה. ויצא הראשון אדמוני כלו כאדרת שער ויקראו שמו עשו, ואחרי כן יצא אחיו וידו אוחזת בעקב עשו, ויקרא שמו יעקב ויגדלו הנערים ויהי עשו איש יודע ציד איש שדה, ויעקב איש תם יושב אהלים“.

אונד ווען עס איז געקומען די צייט צו געבוירען, איז געקומען א צווילינג אויף דער וועלט. דער ערשטער איז ארויס א ר ו י ט ע ר אין גאנצען בעוואקסען מיט האאר וויא א האריגער מאנטעל (א פעלץ) און זיי האבען איהם א נאמען געגעבען — ויקראו הייסט בלשון רבים, אלע ווער עס האט איהם נאר געזעהען האט איהם גערופען, — „ע ש ו “. פון דעם העברעאישען צייט ווארט : „עשה“ ווערט „עשו“, א פערטי־גער פאלקאמענער מענש, מיט א פעלץ, עס האט איהם נור געפעהלט א ביקס, א פייל און בויגען, וואלט ער שוין ארויס אויף יאגד אין וואלד, און נאכהער איז ארויס זיין ברודער און מיט זיין קליינע הענטעלע האט ער געהאלטען עשו׳ן ביי זיין טריט, און ער האט גערופען — ויקרא, לשון יחיד — יצחק אליין האט איהם א נאמען געגעבען י ע ק ב פון דעם העברע־אישען ווארט עקב, טריט.

יעצט פאנגט זיך אן א שילדערונג איבער דעם כאראקטער פון דיא צוויי קינדער.

און זיי זיינען אויסגעוואקסען, און עשו איז געווארען א יעגער (אָכאָטניק) א פעלד מענש, און יעקב אַן אונשולדיגער, א פאסטוכעל, וועלכער זיצט אין דיא געצעלטען.

אין דיא עטליכע ווערטער ווערען גענוי און דייטליך ערקלעהרט דיא כאראקטערע פון דיא צוויי ברידער, דער יעגער און דער פאסטוך. דער ערשטער עשו איז געוואָרען א בלוט־דורשטיגער און אלע זיינע שמרעבונגען, זיינען געוועזען צו טוידטען, פערניכטען, בלוט פערגיסען און מארדען. זיין לעבען איז ניט גע־פיהרט געווארען מענשליך. ווען דיא יאגד האָט איהם געגליקט, האָט ער געהאט גענוג צו פרעסען און ער איז געוועזען צופריעדען, אָבער ווען דאס איז ניט געוועזען דער פאל, פלעגט ער אהיים קומען הונגעריג, בייז, און בלוט־דורשטיג וויא א טיגער אדער א וואלף.

אין יאהר 1890 האָט א רומענישער יעגער דער־שאָסען א אידען ביין ברעג פון דער דאנוי. אין גע־ריכט האָט איהם זיין אדוואקאט פערטהיידיגט דערמיט דאָס דריי טעג האָט דער יעגער גאָר ניט געפונען אין וואלד ; זיין בלוט האָט איהם געקאָכט און ער האָט אויסגעלאזען זיין צארן צו דעם ערשטען אידען וואס האָט איהם אָנגעטראָפען, מיט אזא ארגומענט איז דער

רומענישער עשו בעפרייט געוואָרען.

דאס איז דער כאראקטער פון אונזער אָנקעל דעם אָכאָטניק, דער יעגער.

א קאָנטראסט פון איהם איז דער צווייטער דער פאסטוך. ער האָט געפיהרט א רוהיגען שטילען לעבען. ער האָט געפיטערט זיינע שטילינקע שעפעלאך אויף דעם גרינעם גראָז; ער האָט זיי אָנגעטרונקען ביי א רוהיגע פליסענדע טייכעלע. ווען דיא זונן האָט גע־האלטען אין מיטען הימעל איז ער ארויף אויף א קליי־נעם גרינעם בערגעלע וואו זיין געצעלט איז געשטאנען און פערטיג געמאכט פאר זיך זיין געוועהנליכען מאָהלצייט קיין פלייש, נור גרינסען, פערשיעדענע גע־שמאקע פראדוקטען פון דער מוטער ערד, וויא ארבעס, באָב און לינדזען; ער האָט זיינע ניט־אויפרעגענדע שפייזען געגעסען גאנץ רוהיג. דיא שעפעלאך ארום איהם, זאטע, זיינען געלעגען אויסגעשטרעקט אויף דעם גרינעם פעלד, דיא פייגעלעך, דיא נאטור׳ס קינ־דערלאך, גלייך וויא ער, האָבען צוגעזונגען ווען ער האָט געשפיעלט זיינע הירטען־ליעדער אויף זיין פייי־פעלע, זיינע געפיהלען עדעל, מיטליידיג און בארמ־הערציג; זיין בלוט האָט זיך רוהיג געפלאָסען אין זיינע אדערען וויא ביי יעדען אמת׳ן נאטור־מענש.

דאס איז געווען דער כאראקטער פון אונזער פאטער דער פאסטוך.

יעצט ערקלעהרט אונז דיא תורה דיא מעשה פון דער בכורה: מיט קורצע בריליאנטענע ווערטער שטעלט זיא אונז פאר א בילד וואס נור אזא קינסטלער־האנד וויא ראפאעל׳ס וואלט אימשטאנדע געווען צו מאהלען מיט זיין פענזעל:

„ויזד יעקב נזיד, ויבא עשו מן השדה והוא עיף, ויאמר עשו אל יעקב הלעיטני נא מן האדם האדם הזה כי עיף אנכי על כן קרא שמו אדם, ויאמר יעקב מכרה כיום את בכורתך לי, ויאמר עשו הנה אנכי הולך למות ולמה זה לי בכורה? ויאמר יעקב השבעה לי כיום וישבע לו וימכור את בכורתו ליעקב, ויעקב נתן לעשו לחם ונזיד עדשים ויאכל, וישת, ויקם וילך, ויבז עשו את הבכורה". —

איידער איך וועל אייך איבערזעצען דאס בריליאנטענע ווערטער־בילד, מוז איך אייך ערקלעהרען דיא בעדייטונג פון צוויי העברעאישע צייט־ווערטער (פעלים): דאס ווארט „הלעיטני" וואס שטאמט פון „לעט" איז נור איין מאל אין גאנץ תנ"ך און עס ווערט געברויכט אין תלמוד אויף שטאפען עופות, אבער ניט פיר מענשען. דער פעל „מכר" מיינט ניט דוקא עפעס פערקויפען פאר געלד, זאנדערן איבערגעבען א געגענשטאנד פון איינעם צום צווייטען; אזוי וויא „מחר

ימכר ד' את סיסרא בידך" אָדער „תמכור עמך בלי הון", אָדער „חנם נמכרתם". — דאָס צווייטע וואָרט „האדם" מיינט עשו אויף זיך זעלבסט, ווייל דיא ווילדע וואלד מענשען האָבען גאָר ניט אין זייער שפּראך דיא ווערטער פון: „איך" „דו" און „ער", יעדער פון זיי טראָגט א ווילדען נאָמען; צום ביי־שפּיעל: „דער ווייכער בער", „דער רויטער וואָלף". „דער שווארצער אדלער" א. ז. וו.

און יעקב האָט געקאָכט זיין מאָהלצייט, און עשו איז געקומען פון פעלד שרעקליך מיעד און ווילד פון הונגער, און ער האָט געזאָגט צו יעקב'ן: „הלעיטני" ניט „האכילני", דאָס הייסט, ער האָט געעפענט זיין גרויסען מויל און שרייט: „שטאָפּ! גיס אריין פון דיא רויטע וויין אין דעם רויטען!" ווייזענדיג מיט דער האנד אויף זיך זעלבסט, ווייל פון הונגער און אויפרעגונג האָט ער פערגעסען דעם נאָמען לינזען, און זיך זעלבסט רופט ער מיט דעם נאָמען „דעם רויטען".

יעקב, זעהענדיג דיא ווילדע געשטאלט פון זיין ברודער דעם בכור, איז ער ערשטוינט געוואָרען און מילד, וויא זיין טבע איז געוועזן, האָט ער געזאָגט:

„ברודער מיינער, וואָס איז דאָס מיט דיר? דו ביזט דאָך דער בכור און דו דארפסט וויסען, אז דו

האָסט דיא הייליגע שליחות צו לערנען דיא וועלט דעם אחדות הבורא פון אונזערע עלטערען אברהם און יצחק; דו מוזט זיין מאָראליש, עדעל און אנשטענ־דיג, ווען ניט וועסט דו איבערגעבען דיין בכורה צו מיר".

עשו האָט איהם אָנגעקוקט ווילד און געענטפערט:

„וואָס דולט ער מיר א מוח? איך האלט ביים שטארבען און ער פלוידערט מיר פון נארישקייטען? וואָס דארף איך האָבען א בכורה? וואָס קימערט מיך דיא מאָראל? נעהם דיר דיא מציאה און לאָז מיר אָב".

פון דיעזען מאָמענט אָן — ערקלעהרט אונז דיא תורה האָט עשו איבערגעגעבען זיין בכורה צו יעקב'ן — אָבער ניט פערקויפט — און יעקב האָט געטאָהן זיין פפליכט און האָט געגעבען זיין הונגעריגען ברודער עשו ברויט און לינזען בלויז ווייל ער האָט געוואָלט עסען, און ער, עשו האָט אָפּגעגעסען און זיך אָנגע־טרונקען און איז אויפגעשטאנען און איז אוועקגע־גאנגען און האָט זיך אויסגעלאכט פון דיא בכורה, פון דעם מאָראל מיט דיא אידעאלען מיט דעם גאנצען אחדות הבורא פון זיינע אבות. און מיט דיעזער מיי־נונג איז פערבליעבען עשו עד היום הזה.

און דער שרעקליכער ויתרוצצו האָט גענומען שטורעמען צווישען דעם צווילינג, צווישען דעם יעגער און פאסטוך, צווישען דעם אידעאליסט און מאטעריא־ליסט. אזוי דויערט דיא מלחמה מדור דורות און דער הר שעיר מיט דעם הר ציון קענען זיך ניט פעראייני־גען און קענען קיין שלום ניט שליסען!

* * *

„הקול קול יעקב והידים ידי עשו".

שעהן איז יעקב׳ס שטימע און שטארק זיינען עשו׳ס הענד! גליקליך איז דער מענש אָדער דיא נאציאָן וואָס פערמאָגט דיאביידע געגענשטענדע: יעקב׳ס קול און עשו׳ס הענד. פיעל, זעהר פיעל האָט יעקב׳ס קול אויפגעטאָהן, אין זיין פיער טויזענד יעה־ריגען עקזיסטענץ, פאר דער גאנצער וועלט, פאר אלע נאציאָנען; אויך עשו׳ס הענד האָבען ניט וויניג גע־ארבייט און אויפגעבויט אויף דער וועלט, אָבער נאָך מעהר האָבען זיי צושטערט און פערניכטעט. און פונקט וויא דיא „הענד" אָהן דער „שטימע" האָט קיין גרויסען ווערטה אזוי אויך איז שוואך אין ווערטה דאָס „קול" אָהן דיא „ידים", עס געפינט זיך קיין אָרט ניט און הענגט אימער אין דער לופט...

רבקה דיא מוטער פון דעם היסטאָרישען צווילינג מיט איהר שטארקער ליעבע צו יעקב'ן האָט גוט גע־וואוסט און געפיהלט דאָס ערהאבענע פון זיין „קול“ זיא האָט אָבער אויך פערשטאנען דעם פעהלער אין זיינע „ידים“ און דעריבער האָט זיא איהם אָנגעטאָהן עשו'ס קליידער, זיינע גלאטע, צארטע הענד און האלז בעדעקט מיט ציגענע פעלעבלאך און אין דעם פאָרם האָט זיא איהם געשיקט צו זיין פאטער צו נעהמען פון איהם זיין פאטערליכע ברכה...

דער אלטער פאטריארך, וועלכער האָט שוין גע־האט אָנגעוואָרען זיין זעהונגס קראפט, האָט איהם, יעקב'ן בעטראכט מיט זיינע אנדערע צוויי חושים: מיט דיא אויערן, און מיט דיא הענד, און ער האָט אויסגעשריען: „הקול קול יעקב והידים ידי עשו!“ און געמיינט דערמיט צו זאָגען: איך האָב געפונען ביי מיין זוהןביידע מעלות: דיא שעהנע שטימע יעקב'עלס און דיא שטארקע הענד עשו'ס.

---

און דאָס איז דער אידעאל צו וועלכען יעקב'ס קינדער שטרעבען היינט: זיי ווילען בעקומען צו זייער „שעהנעם קול“ דעם אָנקעלס „שטארקע ידים“. אָט דאָס איז דער סוד פון ציוניזם...

## ויצא.

„ויחלום : והנה סולם מוצב ארצה, וראשו מגיע השמימה והנה מלאכי אלהים עולים ויורדים בו“.

אמר בר קפרא אין לך חלום שאין לו פתרון. (ילקוט ויצא.)

וויא א מלאך פון הימעל האט דיא גוטע און ערעלע מוטער רבקה בעשירמט און באשיצט יעקב'ן, איהר געליעבטען זוהן, זיא האט גוט פערשטאנען אז אן אייביגער קאמפף, אן אייביגע מלחמה, וועט זיין צווישען דיא ברידער.

איין מאל האט זיא זיך דערוואוסט אז עשו האט געזאגט : „יקרבו ימי אבל אבי ואהרגה את יעקב אחי !“ דאס הייסט „וועז איך וועל באגראבען מיין טאטען וועל איך דער'הרג'ענען מיין ברודער !“

דאס מוטער־הארץ האט שווער געקלאפט און זיך געשראקען. רבקה האט געוואוסט ווער עשו איז, און זיא האט פערשטאנען, אז דער „אדמוני“ איז פעהיג אייף אלעם.

„יעקב מיין קינד" — האָט דיא ארעמע מוטער געמורמעלט וועהרענד טרעהרען האָבען פערשטיקט איהר שטימע — „זוהן מיינער דוא ביסט אין סכנה, אנטלויף, ראטעווע דיין לעבען. אנטלויף וויא גאָט איז דיר ליעב צו מיין ברודער לבן אין חרן, און דארט וועסטו זיין זיכער!"

שווער, זעהר שווער, איז איהר געווען צו שיידען זיך מיט איהר ליעבלינג, אָבער עס העלפט ניט, דיא געפאהר איז גרויס און ער מוז אוועק באלד, אזוי שנעל וויא נאָר מעגליך.

נאָך א ברכה פון טאטען און א הערצרייסענדע אומארמונג פון דער וויינענדער מאמע, האָט יעקב אָינגעפאנגען צו לערנען דיא סדרה „ויצא" און דיעזע סדרה לערנען מיר נאָך עד היום; און נאָר איין גאָט אין הימעל וויים ווען מיר וועלען דאס ענדיגען.

ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה; ויצא מארץ ישראל וילך בבלה; ויצא מבבל וילך פרסה; ויצא מפרס וילך יונה, ויצא מיון וילך רומאה ויצא מרומא וילך ספרדה; ויצא מספרד וילך צרפתה, אשכנזה פולאניא ורוסיא, ויצא מרוסיא ופולניא וילך לארצות הברית באמעריקא....

און יעקב איז ארויסגעגאנגען פון באר שבע און איז געגאנגען קיין חרן, און ער איז ארויס פון ארץ ישראל און איז

אוועק נאך בבל, און פון בבל איז ער געגאנגען נאך פרס, און פון פרס נאך גריכענלאנד, און פון גריכענלאנד האט ער זיך אוועקגעשלעפט אין רוים, און פון רוים האט ער אויסגעוואנ־דערט נאך שפאניען, און ער איז ארויס פון שפאניען און האט זיך אוועקגעשלעפט אין פראנקרייך, דייטשלאנד, פוילען, רוס־לאנד און רומעניען, און פון רוסלאנד און פוילען האט ער אויס־געוואנדערט נאך אמעריקא.....

װעלען מיר ענדיגען מיט דעם דיא סדרה ויצא ? איז שוין געקומען א סוף צו דער אייביגער וואנדערונג?

יעקב׳ס גאט אליין וויים דעם אמת !

עלענד, ארעם און אליין ; אבגעריסען פון זיינע ליעבע און געטרייע עלטערן, טרויעריג און פול מיט פחד פיר זיין שרעקליכען „ברודער“, געהט יעקב מיט געשוואלענע פים איבער דיא שרעקליכע מדבריות. זיין שווערער פאק דריקט זיינע שוואכע שולטערן ; מיט זיין שטעקען אין האנד בעוועגט ער זיך לאנגזאם אין דעם ברענענדיגען זאמד....

א שרעקליכע ביינקענים, א היים־וועה דריקט צוזאמען זיין הארץ, זיין ליעבע מוטער׳ס בילד האט זיך איהם פארגעשטעלט פאר דיא אויגען, ער זעהט וויא זיא, מיט איהרע צארטע הענד מאכט איהם זיין נאכט־לעגער, און איהרע פערוויינטע אויגען קוקען

אויף איהם מיט ליעבע און רחמנות ; עס ווערט פינסטער, דיא זוהן געהט אונטער, דיא ערד וויקעלט זיך איין אין א געדיכטען שווארצען שלייער, זיינע אויגען ווערען דונקעל, דיא פיס בויגען זיך אונטער איהם ; און ניט ווילענדיג מוז ער מאכען זיין נאכט־לעגער אויף דיעזען ארט, אין דיעזער ווילדעניס ! ער נעהמט א שטיין און לייגט איהם צוקאפּענס ; זיינע מיעדע גליעדער ציהען ארונטער זיין פערמאטערטען קערפּער ; ער פאלט צוזאמען און ווערט אנ־שלאפען.

ויחלום — און ער טרוימט — יא דאס איז אימּמער, ווען עס איז פינסטער און טרויעריג, דאן חלום'ט זיך חלומות. וואס זעהט יעקב אין זיין אונרוהיגען טרוים ?

„א לייטער שטעהט אויף דער ערד און גרייכט ביז צום הימעל ; און גאט'ס מלאכים געהען ארויף און אראפּ, און אויף דעם העכסטען שטאפּעל פון דיזען לייטער שטעהט דיא אלמעכטיגקייט, גאט אליין און רעדט צו איהם וועגען זיין צוקונפט און וועגען דעם שיקזאל פון זיינע קינדער“.

דער חלום האט געדויערט בלויז אייניגע מינוטען אבער דער פּתרון — דיא בעדייטונג פון יענעם חלום

— דויערט שוין איבער דריי טויזענד יאהר.

דער חלום און דער פתרון זיינען געווען א ריכ־טיגעס און וואהרעס בילד פון יעקב׳ס קינדער, א סימבאָל פון זייער מעמד און שיקזאַל, א פראגראם פון זייער עקזיסטענץ אלס נאציאן צווישען אנדערע נאציאנען. אָט דאס האָט געזעהען דער דריטער פון די אבות אין זיין חלום!

דער לייטער איז קיין הויז, קיין געביידע; ער האָט ניט קיין פונדאמענט אונטער זיך אין דער ערד, ער איז בלויז מוצב ארצה. ער שטעהט נור פון אויבען מיט זיינע פים אויף דעם באָדען, ער האָט ניט קיין בעשטימטען ארט, ער ווערט געטראגען ווי א ווערק־צייג פון איין פלאַטץ צום צווייטען. מען גע־ברויכט איהם ווען מען בויט בנינים, די גרעסטע פא־לאַצען, די שטארקסטע פעסטונגען, די שעהנסטע הייזער. קיין געביידע קען ניט פערריכטעט ווערען אָהן דעם לייטער. מיט איהם נור מיט איהם בויט מען אלעס; מיט איהם שטעלט מען אריין די פענסטער אין די העכסטע טהורמס, און מיט איהם בעפוצט מען די שעהנסטע פאלאסטען אינעווייניג און אויסווייניג. אפילו דער מאלער, דער קינסטלער און דעקאָרייטאָר קענען זיך אָהן דעם לייטער ניט בעגעהען.

און מיט דער צייט ווען דיא אלע שטארקע און מעכטיגע בניינים, ווערען אלט און זיי מוזען ארונטער־גענומען ווערען פון זייער פלאטץ, דאן איז דער לייטער ווידער דא, אהן איהם ווערט גאר ניט גע־טהאן. דער זעלבער לייטער ווערט געברויכט ביים אויפבויען און ביי׳ם צושטערען.

מיט שטאלץ קען דער לייטער זאגען צו דעם גרעסטען שעהנסטען פאלאץ:

„איך געדענק נאך ווען מען האט דיך געבויט און יעצט בין איך דא ווען מען רייסט דיך ארונטער; איך וועל נאך זעהען וויא מען וועט אן אנדער בנין ארויפשטעלען אויף דיין פלאטץ, און איך האף אז איך וועל נאך דערלעבען זעהען וויא מען וועט אן אנדער געביידע ארונטעררייסען און ווידער ארויפשטעלען א נייעם אויף זיין פלאטץ, און אלץ מיט מיר, אהן דעם לייטער וועט איהר גאר ניט קענען טהאן!"

שרעקליך און גרויזאם איז דיא ביטערע לאגע און עקזיסטענץ פון דעם לייטער; מען בענעטהיגט איהם נור ווען מען בעדארף איהם, ווען ער ברייננגט נוצען פיר אנדערע; קוים אבער איז דיא נאבעלע געביידע אוועקגעשטעלט, געענדיגט און דעקארירט איבעראל, ווארפט מען דעם ארימען לייטער אוועק

אָן א זייט, ערגעץ אין א ווינקעל. דאָרט אין פינסטע־
רען ווינקעל איינזאם און אליין ; בהמות, הינט און
פערשיעדענע שרצים טראמפּלען אויף איהם און בע־
שמוצען איהם, ביז עס קומט ווידער די צייט ווען
מען בעדאַרף איהם, דאן הייבט מען איהם אויף און
מען רייניגט איהם אויס און מען טראגט איהם איבער
אויף אַן אַנדער אָרט.

* * *

דער פּתרון צו דעם חלום איז די אידישע נא־
ציאָן ! דער איד איז וויא דער לייטער, נור מוצב
ארצה, ער שטעהט נור בלויז פון אויבען, ער האָט
ניט אונטער זיך קיין ריכטיגען פונדאמענט, קיין בע־
שטימטען אָרט אויף דעם גאַנצען ערד־באָל ; ער איז
איבעראַל פול אין אַלע היסטאָרישע צייטען. ער איז
געוועזען און פערבליעבען ביי דער ענטוויקלונג פון די
גרויסע נאציאָנען און שטעהט אלס עדות ביי זייער
אונטערגאַנג. דער איד איז געוועזען און געבליעבען דער
לייטער אַרום די געביידען. מען ניצט איהם אויס
ווען מען ברויכט איהם און נאָכהער ווערט ער אוועק־
געשליידערט אָן א זייט אום צו זיין א מרמז לרגלי
השור והחמור. מען פערשפּאַרט איהם אין א ווינקעל־
תחום המגבל אָדער וויא מען רופט איהם אין רוסיש—

„טשערטיא־אָסעדליאסטי" און דארט ליגט ער און פוילט ביז עס קומט א צייט און ער ווערט ווידער געפאדערט צו ברייננען נוצען פיר אנדערע. דאן לעבט ער ווידער אָפּ און בריינגט נאָך א מאָל נוטצען פאר דער מענשהייט.

א ! ביי וויא פיעלע מעכטיגע נאציאנען, גרויסע פעלקער האָט ישראל געדיענט ניט מעהר וויא א לייטער צו זייער ענטוויקלונג און אויפבליהונג און דאן האָט מען איהם אוועקגעשליידערט, ער איז וויע־דער אויפגעהויבען געווארען זיך צו בעטהייליגען ביי זייער אונטערגאנג און פערניכטונג.

„דער איד איז דער טערמאָמעטער פון יעדער לאנד וואו ער געפינט זיך", האָט געזאָגט א גרויסער דעיקער, „וואס פאר א לאנד, אזעלכע אידען ; וויא עס קריסטעלט זיך אזוי אידעלט זיך", און דאס איז דער וואהרער זין פון דיא בריליאנטענע ווערטער : „ומלאכי אלהים עולים ויורדים בו !" און גאָט'ס טהאטען, — וויא : ומלאכיו רוחות עושי דברו — געהען ארויף און ארונטער פונקט וויא דער קוועקזיל־בער אין טערמאָמעטער.

דער פראבע־שטיין, מאסשטאב, פון ציוויליזא־ציאן ביי יעדען פאָלק, איז דער איד !

„סלם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה והנה מלאכי אלהים עולים ויורדים בו והנה ד׳ נצב עליו !״

דער לייטער טראגט זיך איבער יעצט אהער צו אונז אין אמעריקא. לאָמיר האָפען אז אין דיזען פרייען לאנד וועלען מיר ענדיגען דיא טרויעריגע סדרה „ויצא״, און מיר וועלען נאָך זוכה זיין צו לערנען דיא סדרה „וישב״ און וואו ?

— באַרץ כנען ! ! !—



## וישלח.

„וישקהו נקוד עליו, ר׳ ינאי אמר : מלמד שלא בקש לנשקו אלא לנשכו ונעשה צוארו של יעקב כשיש וקהו שניו של אותו רשע, ומה ת״ל ויבכו ? זה בכה על צוארו, וזה בכה על שניו.— אל תקרא וישקהו אלא וישכהו״.
(ילקוט שמעוני).

אין קרעמעניץ, א קליין שטעדטיל אין וואהלין, איז דורכגעפאהרען דער גובערנאטאר. דיא אידישע געמיינדע האט ארויסגעשיקט דעם רב מיט דיא ראשי הקהל. דער רב האט געהאלטען דיא ספר תורה אין זיינע הענד אונטער א חופה. דער חזן מיט משוררים האבען געזונגען „ברוך הבא !“ און דיא גבירים פון שטאדט האבען געהאט דיא עהרע איבערצוגעבען דעם גובערנאטאר א זילבערנע טאץ מיט זעהר א שעהנעם טארט אויף וועלכען עס איז געווען אויפגעשריעבען מיט גאלדענע בוכשטאבען : „מנחה היא שלוחה לאדוננו“.

דער גובערנאטאר האט געצייגט זיין „גוט־הערציג־קייט“ און האט צוגענומען דיא זילבערנע טאץ מיט דעם שעהנעם טארט.

„ויפצר בו ויקח !“

אין גאליציען, ניט ווייט פון לעמבערג, האָט דורכגערייזט דער קאטוילישער בישאָף, נאָכדעם וויא ער האָט עמפפאנגען אלע דעלעגאטען פון דיא קריסטליכע קירכען, האָט ער בעוויעזען אן "עדעלקייט" און געשפראכען עטליכע ווערטער צו דעם אידישען רב מיט דיא פּני העיר און צוגענומען ביי זיי דיא מתנה וואס זיי האָבען ספּעציעל פיר איהם געלאָזען מאכען — א גרויסען זילבערנעם בעכער מיט גאָלדענע ווער־טער אויסגעקריצט „מנחה היא שלוחה לאדוננו“.

דער בישאָף איז זעהר א גוטער מענש און וויא דיא אידען האָבען געמאכט דעם אלטען „ויפצר בו“ האָט ער געענטפערט מיט דעם אלטען און אימער נייעם „ויקח !“

אזעלכע מינים קאָרעספּאָנדענציעס פלעגען מיר לעזען טאָג איין טאָג אויס אין דיא רוסישע־העברע־אישע צייטונגען וואו דיא קאָרעספּאָנדענטען זאָגען אן דיא גלות־לעזער מיט שמחה אז זיי לערנען נאָך עד היום דיא סדרה „וישלח“ און טהוען נאָך יעקב׳ס שטיקעל ארבייט גאנץ ריכטיג מיט דער „מנחה שלוחה“ און מיט דעם שטארקען „ויפצר בו“ ביז עשו מאכט זיין געזונטען „ויקח“ אום מקיים צו זיין דיא

# וישלח

גמרא : „מעשי אבות סימן לבנים !"

און עס טרעפט אפילו אויך אז זיי דערגרייכען צו דער מדרגה פון וישקהו, אָבער זעהר וועניג בע־מערקען דיא פינטעלעך אויף דעם בלוטיגען און גיפ־טיגען היסטאָרישען וישקהו. יעדער פינטעלע איז אָנגעגאָסען מיט בלוט און טרעהרען, יאמער, קרעכ־צען און ביטערע געשרייען. עס זיינען דיא פערצווייי־פעלטע קולות פון דעם אויטאָ־דע־פע, פון דער שוואר־צער מגפה און פון דיא שרעקליכע קרייץ ציגע. אונטער יעדער פינטעלע ליעגט א פינסטערע גזירה אדער א בלוטיגער פאָגראָם און הונדערטער טויזענדער זיי־נען אויסגעשטאָרבען פון דיעזער שרעקליכער מיתה־מיתת נשיקה.

דיעזער געפינטעלטער וישקהו, ערא‎ינערט א אן אלטען פאבעל :

א הונט האָט נאָכגעיאָגט א האָז. דער האָז ענט־לויפט, דער הונט נאָך איהם. דער הונט כאפט איהם און בייסט איהם איין, דער האָז רייסט זיך ארויס מיט א שרעקליכען שמערץ געשריי, און דער הונט נאָך איהם, ער כאפט איהם ווידער און רייסט אפ פון איהם א שטיק פלייש און א שטראם בלוט פליסט פון דעם ארימען העזעלע ; ער לויפט ווייטער, ער

בלייבט קראפטלאָז, ער פערבלוטעט און פאלט און בלייבט ליגען.

דער הונט בייסט איהם שוין ניט מעהר. רוהיג און געלאסען לעגט ער זיך ארויף אויף איהם מיט אלע־פיער און לאנגזאם לעקט ער זיין ווארעמע פליסענדע בלוט. עס זעהט אויס איינפאך וויא ער קושט איהם.

„אך, הונד, הונד!“ שרייט אויס דער ארימער האָז ליגענדיג אונטער דעם קושענדען בייסער... „הלא טוב לי נשיכותיך מנשיקותיך!“ עס איז מיר געווען גרינגער צו ליידען דיין בייסען וויא דיין קושען! ווען דוא האָסט מיך געביסען האָב איך נאָך געהאט האָפנונג זיך צו רעטען פון דיר. איך האָב נאָך געהאט קרעפטען ארויסצורייסען זיך פון דיינע צייהן און אנטלויפען. אָבער וועה איז צו מיר יעצט, ווען איך ליעג רוהיג אונטער דיר און דוא קושט מיך און לעקסט מיך מיט דיין הינטישע צונג. דוא לעקסט מיר מיין ווארעמעם בלוט וואס פליסט פון מיר וויא וואסער“....

יא, אין דער צייט פון פינסטערען מיטעל־אלטער, אונטער דער אינקוויזיציאָן זיינען מיר געביסען גע־ווארען אונערבארמליך; מיר האָבען אָבער געהאט

האפנונג צו רעטען זיך. מיר האבען געקעמפפט פיר אונזער עקזיסטענץ און פיר אלעס וואס ביי אונז איז הייליג. מיר האבען געהאפט און געשטרעבט צו רעטען זיך; אבער וועה איז אונז היינט אין דער נייער צייט ווען דיא נשיכות האבען זיך געביטען אויף נשיקות. פון דער בייסענדער אינקוויזיציאן, איז גאר געווארען א רוהיגע קושענדע מיססיאן. היינט איז אונזער לאגע געפעהרליכער, אונזער בלוט פליסט לאנגזאם, מיר ענטלויפען ניט און דאצו מאכען זיי אויף אונז דיא שרעקליכע אפעראציאן פון דעם וישקהו מיט פינטעלאך פון וועלבער עס איז געבארען געווארען דיא גרויזאמע קריינק (צייט פון אסימילאציאן), און דאס קען חלילה ברייגגען אויף אונז דיא מיתת נשיקה.

* * *

ויותר יעקב לבדו ויאבק איש עמו עד עלות השחר, וירא כי לא יכל לו ויגע בכף ירכו ותקע כף ירך יעקב בהאבקו עמו. ויאמר שלחני כי עלה השחר. ויאמר לא אשלחך כי אם ברכתני.

און יעקב איז געבליעבען איינער אליין אין דער פינסטערער נאכט, און א מאן האט זיך מיט איהם געראנגעלט ביז עס איז אויפגעגאנגען דער מארגענשטערען, און וויא דער מאן האט דערזעהען אז אין גאנצען ביי קומען יעקב איז פיר איהם אונ־

מעגליך, האָט ער איהם דערלאנגט א „סאָלאר פלעקסוס“, דאס הייסט, פראסט א גוטען קלאפּ אין דיך און האָט איהם קערפּערליך געבראכען, ער האָט איהם געמאכט הינקעדיג ווען ער האָט זיך מיט איהם געראנגעלט (גערעסעלט). און ער האָט געזאָגט צו יעקב לאָז מיך אָפּ, ווארום עס האָט אָנגעפאנגען צו טאָגען, דער מאָרגענשטערען איז אויפגעגאנגען. און יעקב ענטפערט איהם ניין, איך וועל דיר ניט אָפּלאָזען ביז דוא וועסט מיר בענשען.

פראנקרייכ׳ס גרויסער פּאָליטישען, דער יודען־פריינד מיראבאָו האָט גוט פערשטאנען דיעזען רייכען און ערהאבענעם בילד, און ווען ער האָט געקעמפפט פיר אידישע רעכטע אין דעם ערשטען פראנצויזישען פארלאמענט און איינינע פארלאמענטס מיטגליעדער האָבען גע׳טענה׳ט אז עס איז געגוג פאר דיא אידען וואס מיר וועלען זיי מעהר ניט פערפאלגען, אָבער וויא קומען אידען צו האָבען בירגער רעכטע ? דאן האָט מיראבאָו זיי געענטפערט מיט א דאָנערענדע שטימע:

„פראנצויזען, ווען עס איז געוועזען נאָך דיא פינס־טערע נאכט האָט איהר יעקב׳ס קינדער בעקעמפּפט, איהר האָט זיי וויא דער בייזער מלאך אין לבן׳ס צייט געגעבען אזעלכע קלעפּ אז איהר האָט זיי קערפּערליך

געבראכען, און ערשט ווען עס האָט אָנגעהויבען טאָגען, דער מאָרגענשטערן פון דער ליכטיגער פרייהייט איז אויפגעגאנגען, שרייט איהר אויך וויא יענער בייזער מלאך זיי, יעקב׳ס קינדער, זאָלען אייך אָבלאָזען ווייל איהר וועט זיי ישוין מעהר ניט שלאָגען; אָבער זיי האַלטען אייך פעסט און זיי זאגען: „ניין, פראנצויזען, מיר לאָזען אייך ניט אָפּ, מיר האָבען גענוג געליטען אין דעם גאנצען מיטעל-אַלטער, איצט ווילען מיר איהר זאָלט אונז זעגנען מיט גלייכע בירגעררעכטע“. און מיראבאָו׳ס ווערטער האָבען געווירקט און אידען האָבען געקראגען גלייכע רעכטע מיט אלע מענשען צוגלייך אין פראנקרייך.

* * *

„קום מיין ברודער מיט מיר, קום לאָמיר געהן צוזאמען!“

ויאמר: נסעה ונלכה נא לנגדך!“ האָט געזאָגט עשו צו יעקב׳ן נאָך דעם וישקהו. איינפאך ער האָט איהם ניט געוואָלט אָפּלאָזען, עס האָבען איהם זעהר גוט געשמעקט דיא געפּינטעלטע נשיקות.

יעקב אָבער פיהלט דיא געפאהר און ענטפערט:

„אדוני יודע, כי הילדים רכים.... ודפקום יום

אחד ומתו... יעבר נא אדני לפני עבדו ואני אתנהלה לאט, רגל המלאכה אשר לפני ולרגל הילדים...."

„ניין, ברודער ! איך קען מיינע קינדער ניט לאָזען געהן צוזאמען מיט דיר. אין איין טאָג קענען זיי אלע גייסטיג אויסשטארבען פון דיינע נשיקות, געה דוא פאראויס, פאר מיר, און איך וועל מיר געהן לאנגזאם, לאנגזאם וויא עס פאדערט פון מיר מיין מאָראלישע ארבייט, און צום וואָהל און בעס־טען פיר דעם גייסט פון מיינע קינדער".

אָט אזוי האָבען זיך דיא ברידער צושיידעט, יעדער אין זיין וועג. עשו נאָך שעיר, און יעקב נאָך כנען.

יעקב האָט זיך גאנץ רוהיג געקויפט א שטיקעל לאנד, ער האָט זיך אויסגעבויט א הויז וואס איז גע־ווארען דער פונדאמענט פון דעם גרויסען און אונ־שטערבליכען פאָלק ישראל.

מיר מוזען נאָכפאלגען אונזער פאטער'ס טריט, ווען דער וישקהו גרייפט אונז שטארק אָן, מוזען מיר געהן לרגל המלאכה ולרגל הילדים, צוליעב אונזער מאָראלישע ארבייט און צוליעב אונזערע קינדער שטרעבען צו געהן אין אונזער אלטען פאטער־לאנד רוהיג קויפען לאנד, בילדען הייזער, בעשאפען א אי־

דיישע קולטור, פערשטארקען דעם גייסט פון אונזערע נביאים, אוועקשטעלען דעם פונדאמענט פון הומאני־טעט אויף דיא פרינציפען פון תורת משה און אויס־בילדען דעם גייסטיגען מזבח מיט דעם אלטען נא־מען וויא אונזער פאטער יעקב האט איהם גערופען:

„ויצב שם מזבח ויקרא לו; אל אלהי ישראל!"



# וישב.

וישב יעקב: בקש יעקב לישב בשלוה וקפץ עליו רוגזו של יוסף.

---

כל מה שאירע ליוסף אירע לציון. (תנחומא.)

געלויבט איז גאט וואס מיר האבען שוין דורכ־געלעבט דיא טרויעריגע סדרה „ויצא“ און דיא גרויזא־מע סדרה „וישלח“. מיר האבען שוין אפגעדיענט אי־בער צוויי צעהנדליג יאהרען ביי לבן'ען, אנטלאפען פון דעם „געלען רמאי“ און בעגעגענט זיך מיט דעם „רויטען מערהדער“, געפועלט מיט דעם „ויפצר בו“ ער זאל מאכען דעם „ויקח“, איבערגעשטאנען דיא אפעראציאן פון „וישקהו“ מיט אלע פינטעלאך, גע־קריגען א גוטען קלאפ אין דער גרויסער פינסטערער נאכט פון דעם בייזען מלאך און פערבליעבען א קאליקע אויף דעם גאנצען לעבען — אלעס, אלעס שוין אי־בערגעשטאנען און איבערגעטראגען מיט אידישע גע־דולד ביז מיר האבען דערלעבט דיא רוהיגע סדרה „וישב“ און וואו איז געשעהען דער „וישב“? אין אונזער פאטערלאנד, אין כנען, דא וואלט דאך שוין געווען א יושר מיר זאלען אויסרוהען, אויסגלייכען אונ־

זערע צובראָכענע גליעדער, אָבער לײדער איז נאָך אונ־
זער מאָס ניט פול, א נײער װאָלקען האָט זיך פער־
שפרײט איבער אונזער פאטער ישראל׳ס הימלען און
א שרעקליכער שטורם האָט אויסגעבראָכען בײ איהם
אין זײן אײגענע פאמיליע. און פון װאָס?

פון א קלײניגקײט.

פון א זײדענע העמדיל מיט א פּאאר חלומות!

צעהן גרויסע און שעהנע ענטװיקעלטע זיהן האָט
יעקב געהאט אָבער מעהר פון זײ אַלעמען האָט ער
ליעב געהאט דעם עלפטען. דעם בן־זקונים, יוסף׳ן,
װאָס זײן פיעל געליעבטע רחל האָט איהם געשאָנקען.
יוסף איז געװעזען קלוג, פײן, און גוט און מיט זײן
קלוגען בענעהמונג האָט ער געװאונען דעם פאטערס
הארץ ביז ער האָט איהם אויסגעצײכענט פון אלע זײנע
ברידער און האָט פאר איהם געמאכט א ספּעציעלע זײ־
דענע העמדעלע.

אך, דיא זײדענע העמדעלע! דיא זײדענע העמ־
דעלע איז נאכהער אײנגעטונקט געװאָרען אין בלוט און
װיא א היסטאָרישע בלוטיגע מגילה איז זיא אויסגע־
שפרײט געװאָרען איבער דיא אידישע הימלען און אויף
איהר איז פערשריעבען דיא גאנצע אידישע בלוטיגע
געשיכטע מיט שרעקליכע רויטע טינט װאס איז געמאכט

געוואָרען פון דעם מאטעריאל שנאה, קנאה, פירוד הלבבות און ברודער־קריעג וועלכע עקזיסטירען נאָך עד היום.

אויף דיעזע בלוטיגע העמדעל לעזען מיר אלע שרעקליכע צייטען פון שנאת חנם, קריעג און צאנקעריי פון אונזער גאנצע געשיכטע. מיר זעהען דאָרט דיא קרח׳ס, דתן׳ס און אבירם׳ס פון אלע צייטען; דעם שטאָלצען שבט אפרים; מיר זעהען וויא יפתח האָט זיי עקזאמינירט מיט דעם וואָרט „שבלת“ און האָט אויסגעקוילעט פערציג טויזענד מאן ביי דעם ירדן; מיר זעהען דיא בית ישאול און בית דוד וויא זיי קעמפפען און פערגיסען בלוט; מיר זעהען וויא ירבעם בן נבט האָט צוריסען דאָס אידישע קעניגרייך און א לאנגע מלחמה האָט אויסגעבראָכען צווישען יהודה און ישראל; מיר זעהען ישמעאל בן נתניה וויא ער האָט פערלאָשען דעם לעצטען אידישען פונק ווען ער האָט גע׳הרג׳עט דעם פירשט גדליהו בן אחיקם, און דעם גרויסען גרוב וועלכען ער האָט אָנגעפילט מיט חללים פון דיא אידישע פאטריאָטען נאָך דעם ערשטען חורבן.

אויף דער זעלביגער העמדיל לעזען מיר אונזער היסטאָריע פון בית שני, — מיט בלוט זיינען פערשריבען דיא נעמען פון טוביה און סנבלט דיא גרויסע שטערער פון נחמיה׳ס נאָבעלע טהאט; נאכהער וויי־

טער זעהען מיר דיא העלעניסטען: יאַזאָן, אלקימוס און מענאליאוס מיט דער גאנצע העלעניסטישע באנ־דע, אלע זייערע סקאנדאלען און גוואלדטהאטען. אלעס, אלעס, זעהען מיר גאנץ דייטליך אויף דער בלוטיגער „כתונת־הפסים" וועלכע איז איינגעטונקט אין גיפט פון „שנאת חנם" און „פרוד הלבבות". —

אַט שטעהען פאר אונזערע אויגען דיא דריי סעקְ־טען נעמליך: דיא פרושים, צדוקים און דיא איסיים, זייערע גאנצע צאנקערייען, דיא אונגליקליכע קריעג פון דיא צוויי חשמנאים ברידער הורקנוס מיט ארסתובול דורך וועלכע דער שווארצער אָדלער פון רוים האָט פערשפרייט זיינע שווארצע פליגלען אויף יהודה און האָט איינגעביסען מיט זיין שטארקען שנאָבעל טיעף אין הארץ פון דער אָרימער טייבעלע און ווארעמעס לעבענס בלוט האָט פערפלייצט דיעזע זיידענע העמ־דעלע. אן עקעלהאפטעס בילד זעהען מיר וויא אין דעם יום טוב סכות האָט דאָס פאָלק בעוואָרפען מיט זיינע אתרוגים דעם קעניג ינאי ישטעהענדיג אין בית המקדש וויל ער האָט זיך אויפגעפיהרט מיט דיא מנהגים פון א „צדוקי".

דיא דריי סעקטען האָבען געקעמפפט און בע־שטריטען איינע דיא אנדערע גאָר אָהן רחמנות, און דיא קלענסטע, דיא שוואכע פאנטאסטישע איסיים

האבען אונז איבערגעלאזען דיא טהעאריע פון „מלכות השמים“ דורך דעם זאגענאנטען גאט־מענש אדער מענש־גאט וועלכער האט מיט זיין מויל געפריידיגט ליעבע און מיט דיא הענד פערגיסען זיינע נאכפאלגער אונזער בלוט יאהר איין יאהר אוים גאר אהן אן אויפהער.

דיא זיידענע העמדיל האט אויך געשפיעלט א גרויסע ראליע אין דעם חורבן פון דעם בית שני, און זיא האט געדענט מיט שטראמען פון שנאת חנם און מחלוקות. דיא זיידענע העמדיל האט אונז בע־גלייט אין גלות און זיא האט זיך פערשפרייט בכל ארצות פזורינו, מיר זעהען זיא אין דער צייט פון דיא „ראשי גליות“ מיט דיא נשיאים ביי דעם שרעקליכען אקט וויא ענן מיט שאול האבען געמאכט דעם געוואלד־ריס אין אונזער אומה און זיי האבען בעשאפען דיא פערשטיינערטע סעקטע „קראים“. —

אויף דעם אונשטערבליכע גרויסען אידישען לעהרער און דיינקער דער שיינענדער שטערען וועלכער בעלייכטעט שוין כמעט אכט הונדערט יאהר דיא איד־דישע הימלען אין דעם פינסטערען גלות מיט זיין תורה און חכמה, רבינו משה בן מימון (רמב״ם) אויך אויף דעם אידישען העלד האט דיא זיידענע העמדיל איהד־רע גיפטיגע טראפענס ארויף געטריפט אז דאם העלישע

פייער האָט זיך צוברענגט און האָט געשענדעט דעם „מורה נבוכים" און נאָך אנדערע פון זיינע הייליגע ספרים. אפילו שוין נאָך זיין טויט האָבען זיינע געגנער איהם ניט געשאנעוועט און אויף זיין מצבה האָבען זיי אויפגעשריבען שענדליכע ווערטער וועלכע זיינען פיר אונז א חרפה עד היום הזה.

צוויי גרויסע מענשען גאונים האָבען מיר געהאט, און ביידע וואָלטען געווען א ציערונג פאר אונזער פאָלק — איינער איז געווען א גרויסער תלמודיסט און דערצו א קריטיקער מיט דעם נאָמען ר' יעקב עמדן, און דער אנדערער נאָך א גרעסערער תלמודיסט און א וועלט חכם ר' יהונתן פרעגער (אייבשיץ) ביידע וואָלטען זעהר פיעל נוצען ברייגען זייערע ארימע נאציאָן נור דיעזע היסטאָרישע זיידענע העמדיל האָט זיך אריינגעמישט, און האָט פערפינסטערט זייער לעבען מיט אונזער ליי־טעראטור צוזאמען.

מיט הונדערט יאָהר פריהער האָט דיא זיידענע העמדיל נאָך מיט מעהר שטארקייט זיך פאנאנדער גע־לאָזען פון מעזיבוז, וואָהלין, ביז מעזעריטש פוילין און פון ווילנא ליטא ביז לאדי, ווייס־רוסלאנד, און האָט געאַרבייט מיט אזא פינסטערע קראפט אין ביי־דע זייטען, ביז עס זיינען געבאָרען געוואָרען דיא שטארקסטע געגנער אויף ישראל'ס לאגער : דיא

„חסידים" און „מתנגדים".

אויך אין אונזער צייט ווען מיר האָבען זוכה גע־
ווען אויפצוהויבען אונזער ציון פאָהן, אויך ביי דיעזער
נאָבעלע בעוועגונג האָט זיך דיא זיידענע העמדיל
ארייגעמישט און האָט ארייגעדרייט „אוגאנדא".
וויניג איז פאר איהר געווען אזיא און איראָפא האָט
זיא נאָך אפריקא ארייגעמישט!

אָבער מעהר פון אלע אידען אין אלע גלות לענדער
וואו זיי זיינען צוזייעט און צושפרייט, ליידעט דער
גרעסטער טהייל פון אונזער נאציאָן אין העם גרויזא־
מען עמק הבכא, אין דעם שרעקליכען יאמער־טהאָל
וואס רופט זיך רוסלאנד. דער שיקזאל האָט אהין
ארייגעוואָרפען איבער זעקס מיליאָן יעקב'ס קינדער,
דיא בעסטע און דיא פעהיגסטע צוגעהען אין טרערה־
רען און באָדען זיך אין טייכען בלוט, וואס זייערע
ווילדע ישונאים, דיא חיות אין מענשען געשטאלט,
דיא פערפלוכטע קאצאפעס און הוליגאנעס פערגיסען
טאָג טעגליך.

און אום דאָס אומגליק צו פערגרעסערען האָט זיך
דאָס אלטע, פיער טויזענד יאָהריגע „רויט בלוטיגע
העמדיל" צובושעוועט איבער דעם גאנצען אידישען
לאגער און האָט ווידער מיט איהר טייפלישען קראפט

פון „שנאת חנם" און „פרוד הלבבות" דאָס פאָלק אין שטיקער צוריסען : אָבגעריסען ברידער פון ברידער, קינדער פון עלטערען און דיא שרעקליכע גוואלד־ריסען האָט מען נאָך מיט'ן נאָמען „בונד" געקרוינט, בעפוצט מיט אזא קלינגענדען און פאלשען נאָמען.

אונטער דיעזען נאָמען האָט זיך דיא „כתנת הפסים", דיא רויטע העמדיל פאנאנדערגעלאָזען און גע־מאכט חרבות, געבראכט צרות, קריעג, צאנקערייען, בלוט פערגיסונג, קנאה, שנאה, נקמה, אכזריות, רויבע־ריי און מאָרד אין אלע שטעדט און שטעדטלאך וואו דיא שארית ישראל פון דיא הוליגאנישע הענד וואָלטען נאָך פיעלייכט קאָנען וויא עס איז דערהאלטען זיך און פריי אטהעמען.

דיא „כתנת הפסים" מיט איהרע „פרוד הלבבות" האָט פערגיפטעט אונזער יוגענד, פערקריפעלט זייער גייסט, געמאכט טעמפ דיא געפיהלען און פערטומעלט זייערע מוחות אזוי אז דיא העלדען וואס וואָלטען מיט זייער מאקאבייערשען גייסט געקאָנט עטוואס אויפ־טאָהן פאר זייער ארעמע נאציאָן געהען זיי גאָר אוועק אין פרעמדע לאגערען און פאר גרויס היץ טהוען זיי דיא ארבייט פון „דאָן קיכאָט", ארבייט וואס ברענגט קיינע נוצען פיר קיינעם נור בלויז שאדען זייער אייגען פאָלק.

פאר גרויס היץ קריכען זיי דורך „פעסער קרויט" אפפערען זייער לעבען פאר „קאפוסטע" אנשטאט זיי הצבען געקאנט פיעל נוצען ברענגען פיר דעם לאנד וואו ציטראנען און „אתרוגים" וואקסען...

א! דו זיידענע העמדיל! דו כתנת פסים! ווען וועסט דו ישוין אויפהערען צו פלאגען דעם ארעמען ישראל ?!



# מקץ

## הנרות הללו.

## אן אָבהאנדלונג לכבוד חנוכה

„הנרות הללו קדש הם, ואין לנו רשות להשתמש בהם!“

הנרות הללו — דיעזע קליינע ליכטעלאך זיינען אָנגעצונדען געווארען מיט צוויי טויזענד צוויי־און־זיעבעציג יאהר צוריק ווען אונזערע עלטערן זיינען נאך געזעסען אין זייער לאנד; דיא גרויסע אונשטערבליכע העלדען, דיא „מכבים“ האָבען זיי צום ערשטען מאָל אנגעצונדען אין בית המקדש און זיי לייכטען נאך עד היום אין אונזערע אלטע גלות לענדער.

דיעזע קליינע ליכטעלאך דערצעהלען אונז גרויסע געשיכטען, אלטע פאקטען פון דער אלטער נאציאן, וועלכע צינדע' אָן דיא ליכטעלאך אין איהרע חושכ'דיגע צייטען, אין אלע פינסטערע לענדער, וואו דאָס שיקזאל האָט אונז פערטראגען; דיעזע קליינע ליכטעלאך ערוועקען אין אונז דעם גרויסען נאציאנאלען שטאָלץ פון דיא אלטע צייטען ווען אונזער

נאציאן איז געווען דאס גרויסע ליכט פיר דער גאנ־צער וועלט.

א שרעקליכע און גרויזאמע צייט איז געווען פאר דעם לאנד יהודה ווען דער צורר אנטיוכוס עפיפאנוס האָט דארט געהערשט. אין א ים בלוט פון אונשולדיגע מענער, פרויען און קינדער אין דיזע פעריאדע איינ־געטונקט. דער ערשטען קרבן איז געווען חוניו כהן גדול. זיין ברודער ישוע אדער מיט זיין גריעכישען נאָמען „יאָזאן" וועלכער איז געווען דער אָנפיהרער פון דער העלעניסטען סעקטע וואס האָט געזוכט איינצו־פיהרען דיא גריעכישע קולטור אין ארץ ישראל ; דיא טענץ פון אלימפוס אויף דעם הר הבית און דיא דע־מאָראליזאציאן פון דיא אלטע גריעכען אין ירושלים. דיזער ברענעדיגער העלעניסט יאזאן האָט געקויפט דיא כהונה גדולה פיר א גרויסע סומע געלד, ביי דעם צורר אנטיוכוס.

יאזאנ׳ס נאָכפאָלגער מענעלאוס האָט נאך פיעל ערגער געהאנדעלט : ער האָט געפועל׳ט ביי דעם רשע אנטיוכוס ער זאָל פערניכטען דאס גאנצע יודענ־טהום, אויף אן אונערבארעמליכען אופן. ער האָט ארויסגעגעבען א גזרה אז דיא אידען טאָהרען ניט אפ־היטען זייער שבת, אז זיי מוזען עסען טרפות און דאר־פען ניט מל זיין זייערע קינדער, און דיא וואס װעלען

ניט פאלגען וועלען בעשטראפט ווערען מיט׳ן טויט !

דיא העלעניסטען האבען אויסגעקליבען א גרויסען פלאטץ ארום בית המקדש און האבען אויפגעבויט א גרויסע געביידע וואו אידישע קינדער, יונגע לייט און מיידלאך זאלען טאנצען דעם באקכוס (אלהי השיכרות) טאנצען אין אדם און חוה׳ס קאסטיומען. די יונגע לייט האבען זיך געמוזט מאכען א שענדליכע אפעראציאן אויף זייער לייב אום מען זאל ניט דערקענען אז זיי שטאמען פון אידען.

דאס פאלק איז געווען שרעקליך אויפגעבראכט, אלטע לייט מיט ווארעמע אידישע הערצער פלעגען זיצען און וויינען אין זייערע הייזער. אבער טאהן האבען זיי גאר ניט געקענט, ווייל דיא מאכט פון אנטיוכוס האט בעשיצט דיא העלעניסטען.

---

אנטיוכוס מיט מענאלעאוס זיינען נאך פיעל וויטער געגאנגען: זיי האבען אויסגעבויט מזבחות אין אלע שטעדט און שטעדטליך אויף וועלכע זיי האבען מקריב געווען חזרים פאר קרבנות. דאס פלייש האט מען מיט געוואלט געגעבען אידען צו עסען. מיט דעם שמוציגען בלוט האבען זיי דעם קדשי קדשים בעשפריצט און מטמא געווען דיא ספרי תורות !

אין א קליין שטעדטעלע ניט ווייט פון ירושלים „מודעית“, אָדער „מאָדין“ האָט געוואהנט דער אַל־טער מתתיהו החשמנאי מיט זיינע פינף זיהן: יוחנן, שמעון, יהודה, אלעזר און יונתן, דיעזע הייליגע פא־מיליע האָט גערעטעט יהודה און אָנגעצונדען דיא ערשטע „חנוכה ליכטלאך“.

אין דיעזער אומגליקליכער צייט ווען דיא ווילדע העלענער האָבען געטראָמפּעלט אויף ישראל׳ס היי־ליגטהום מיט דיא פיס און פערגאָסען אידישעס בלוט וויא וואסער איז דער אַלטער פאטער פון דיא מאקאבעער מיט זיינע זיהן געזעסען אין זייער קליין שטעדטיל און געטראכט וואס צו טהאָן פיר זייער נא־ציאָן. דיא חשמונאים זיינען געוועזען געבארענע העלדען, אין זיי האָט געפלאסען דאָס בלוט פון דיא אמאָליגע אידישע גבורים. קענען זיי שווייגען און זיצען רוהיג און זעהען וויא מען פערניכטעט זייער פאלק, וויא מען לעשט אוים דעם לעצטען פונק פון זייער הייליגע נאציאָן?

„וועה!“ האָט דער אַלטער מתתיהו געקלאָגט, „וואס איך האָב דערלעבט אויף מיינע אַלטע יאהרען! דער בית המקדש איז טמא געווארען, אונזער היי־ליגטהום צוטראטען, דאס לאנד א בארג אש, גאָט אין הימעל נעהם אוועק מיין נשמה און בעפריי מיך פון

אזא לעבען! "

ווי דער אלטער איד איז געזעסען און געטרויערט איז אריינגעקומען איינער פון זיינע שכנים און דער־צעהלט אז צו זיי אין שטעדטיל מודעית איז געקומען איינער פון אנטיוכוס'עס בעאמטע אפאלעאס איז גע־ווען זיין נאמען, און ער מיט זיינע בלוטדורסטיגע סאלדאטען האבען אויפגעבויט אן אלטאר צו דעם גריעכישען גאט „יופיטער" און וויל מקריב זיין א קרבן פון א חזיר און צווינגען די אידען צו עסען זיין פלייש.

ווי צוויי פלאמען פייער האבען זיך אנגעצונ־דען דעם אלטען'ס אויגען, און מיט דעם מוטה פון א לייב, האט ער זיך געווענדעט צו זיינע פינף זיהן און געזאגט בזה הלשון: — „יעצט קינדער איז געקומען די צייט מיר זאלען מעהר ניט שווייגען. אונזער פאטער־לאנד רופט אונז, קומט בני מתתיהו לאמיר געהן! "

מיט דער שנעלקייט פון א בליטץ זיינען אלע ער־שיענען אויף דעם פלאטץ וואו דער העלעניסטישער שיקוץ משומם איז אוועקגעשטעלט געווארען.

איינער פון די אידישע העלעניסטען איז גע־שטאנען ביי דעם אלטאר און געהאלטען אין מקריב

זיין א חזיר פיר א קרבן.

וויא א רוישענדער ים האָט אויפגעקאָכט דאָס בלוט אין דיא אדערען פון דעם אלטען מתתיהו און וויא א צורייצטער טיגער האָט ער זיך א ווארף געטהאָן אויף דעם פערברעכער און מיט א שארפעס מעסער האָט ער דורכגעבויערט זיין ברוסט. דאן האָט ער אויסגעשריען: „מות בן בליעל!“ שטארב דו ניעדערטרעכטיגער מענש! נעבען חזיר איז געבליעבען ליעגען דער טויטער געטצענדיענער.

---

דאס איז געווען דער ערשטער סיגנאל פיר א קאמפף פון בעפרייאונג. און נאך איידער אפאלעאום האָט צייט געהאט זיך ארום צו זעהען וואס עס האָט פאסירט האָבען איהם גלייך דיא פינף העלדישע זיהן פון דעם זקן בעפאלען און צוזאמען מיט זיינע סאלדאטען זיינען זיי אלע אומגעבראכט געווארן. דער אלטאר איז פערניכטעט געווארען און דעם אָפּגאָט יופיטער האָבען זיי צוהאקט אויף שטיקער.

באלד האָבען זיך צוזאמענגעקליעבען ארום מתתיהו און זיינע בראווע זיהן אלע אידישע העלדען פון אלע שטעדטלאך ארום אונטער דער פאהן פון דיא מאקאבעער אויף וועלכע עס האָבען געפלאטערט דיא

ווערטער „מי כמכה באלים יהוה“. דער אלטער פעלד־מארשאל האָט מתיר געווען צו שלאָגען דעם שונא זאָגאר אום שבת. וויא דורך אן עלעקטרישער שטראם האָט דאס גאנצע פאלק ערוואכט און אלע קרעפטיגע פאטריאָטען האָבען זיך איינגעשלאָסען אין דעם לאגער פון דיא מכבים.

דער אלטער מתתיהו האָט אבער געשפּירט אז זיינע קרעפטען ענדיגען זיך, און זיינע טעג זיינען געצעהלטע. ער האָט אלזא צוזאמען גערופען זיינע קינדער ארום זיין בעט און האָט זיי אלעמען בעשווארען מיט דיעזע ווערטער :

„קינדער מיינע ! איהר זעהט אז מיין סוף איז נאָהענט. גאָט פערלאנגט מיך צו זיך. דאָ איז געמאכט געוואָרען בלויז דער אָנפאנג פון אונזער הייליגע ארבייט. דאס פאָלק ווארט אויף אונזער הילף ; דאס לאנד איז נאָך אין דעם שונא'ס הענד, דער בית המקדש איז נאָך בעשמוצט. אונזערע שוועסטער און ברידער זיינען אין געפאהר. איך באשווער אייך ביי גאָט, דעם אל חי, איהר זאָלט פארטזעצען דעם הייליגען קאמפף. איהר זאָלט זיך מקריב זיין פיר אונזער הייליגטהום, שמעון מיין זוהן, דוא וועסט זיין דער ראטה געבער און וועגווייזער מיט דיין חכמה, און יהודה וועט זיין אייער

קאָמאנדאנט, אייער פעלד־מארשאל.... שווערט קינדער !“

אלע פינף העלדען האָבען אויפגעהויבען זייערע הענד און זיי האָבען געשוואָרען צו פיהרען דיא הייליגע מלחמה ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט.

דאן איז דער אלטער מתתיהו איינגעשלאָפען אויף אייביג ,צופריעדען און רוהיג, זיינע קינדער האָבען גע־קעמפפט וויא דיא לייבען. זיי האָבען פערטריעבען דעם שונא פון דער הייליגער שטאָדט צוזאמען מיט דיא העלעניסטען ; זיי האָבען אויסגערייניגט דעם בית המקדש און אין כ״ה כסלו, פינף און צוואנציגסטען טאָג אין כסלו האָבען זיי געמאכט דעם חנכת הבית און זיי האָבען אוועקגעשטעלט דאס לאנד, דאס פאָלק און דיא רעליגיאן צוזאמען אויף א געזונדען פונדא־מענט און יהודה האָט ווידער אויפגעבליהט וויא אין דיא גוטע אלטע צייטען.

---

דיעזער זיעג איז ניט געווען קיין געוועהנליכער, וויא פון איין נאציאן געגען דער צווייטער, נור דאס איז געווען א הייליגער זיעג פון וואהרהייט געגען בעטרוג, פון ליכט געגען פינסטערנים, פון מאָראל און ריינליכקייט געגען דעמאָראליזאציאן און שמוץ, פון

יודענטהום געגען העלעניזמוס, פון תורת אלהים אויפ'ן בארג סיני געגען דעם געטצענדיענסט פון אלימפוס! עס איז געווען דער זיעג פון דעם גייסט געגען דעם גראבען חומר, פון לעבען געגען טויט!

---

דיעזע קליינע ליכטעלאך זיינען נאך היינט אויך מיט דעם זעלבען הייליגען פייערל איבער דעם גאנצען ערד באלל וואו דיא אייניקלאך פון דיא מאקאבעער זיינען צוזעעט און צושפרייט, און דיעזער יום טוב פון חנוכה האט בעדארפט צו זיין א וועלט יום טוב פאר אלע נאציאנען ווייל ווען ניט דיא מכבים מיט זייערע העלדענטהאטען וואלטען דיא גריעכען פערשפרייט זייער געטצענדיענסט איבער דער גאנצער וועלט און אלע נאציאנען וואלטען נאך עד היום געטאנצט מיט זייערע געטער ארום דעם אלימפוס און עס וואלט פון זיי קיין זכר ושארית ניט געבליעבען, פונקט וויא עס האט פאסירט מיט אלע אלטע און פערדארבענע פעל־קער. אשור, בבל און מצרים זיינען דער בעסטער בייזשפיעל.

---

הנרות הללו קדש הם ואין לנו רשות להשתמש בהם!"

דיעזע ליכטעלאך, ליידער, זיינען געבליעבען נור

הייליג און מיר האָבען ניט דאס רעכט צו בענוצען זיך מיט זיי.

דאס איז אונזער נאציאנאלעס אונגליק וואס דיא ליכטעלאך האָבען ביי אונז א פּנים נור פון הייליגע יאהר צייט ליכט. 1) יאהר צייט נאָך דיא מכבים, 2) יאהר צייט נאָך דאס לאנד, 3) יאהרצייט נאָך דעם פאָלק, 4) יאהר צייט נאָך דער שפּראך, 5) יאהר צייט נאָך דער ליטעראטור, 6) יאהר צייט נאָך דעם טעמפעל, 7) יאהר צייט נאָך אונזער קולטור און, 8) יאהר צייט נאָך דעם נאציאנאלען שטאָלץ, — אָט דאָס זיינען דיא 8 חנוכה ליכט ! זיי זיינען געבליעבען בלויז א טרוקענער מנהג „ואין לנו רשות להשתמש בהם" און מיר קענען זיך ניט בענוצען מיט דיא העל־דענטהאטען פון דיא מאקאבעער אין דער צייט וואס דיא אנטיוכוסעס עקזיסטירען נאָך אין פערשיעדענע לענדער און דיא עהרע פון יהודה ווערט געטראמפּעלט אונטער זייערע פיס.

ציוניסטען ! עס איז אייער פפליכט אָנצוצינ־דען דיא אמת'ע ליכט פון דיא מכבים אין דיא אידישע הערצער. ליכט וועלכע זאָלען ברייגגען טהאטען און מיר זאָלען קענען זאגען :

„הנרות הללו קדש קדשים הן ויש לנו רשות להשתמש בהם".

## ויגש.

„אני יוסף אחיכם אשר מכרתם אותי מצרימה !"

(בראשית מ"ה 4).

מיט שעהנע, רייכע און לעבהאפטע פארבען האָט אונזער תורה געשילדערט דאס לעבען פון אונזערע אבות, וויא אייביגע מאָנומענטען פון ווירקליכקייט שטעהען זיי פאר אונזערע אויגען ווען מיר לעזען זייער לעבענס געשיכטע: מיר לערנען זייערע כאראקטע־רע; מיר זעהען זייערע מיט־מענשען; מיר שטו־דירען זייערע פערהעלטניסע און זייער פאמיליען לע־בען צווישען זייערע פרויען און קינדער; מיר בע־מערקען זייערע ליידען און פריידען, זייער נאָבעלע און גרויסמוטהיגע טהאטען אין דיא פערשיעדענע צייטען פון זייער האנדלען און וואנדלען. אפילו זייער שוואכ־קייט ווערט פאר אונז ניט געשוינט. מיט ריינע וואהר־הייט שטעלט דיא תורה אוועק פאר אונזערע אויגען דיא בילדער און זאָגט: „זעהט קינדער פון אברהם יצחק ויעקב! אָט דיעזע גרויסע מענשען זיינען גע־ווען אייערע עלטערען, אָבער זיי זיינען דאך געווען נאָר

שטערבליכע מענשען, קיינע מלאכים. לעזט שטודירט און לערענט זייערע מעלות מיט דיא חסרונות צוזאמען און פערגעטערט זיי ניט, ווייל מיר האָבען נור איין גאָט, איין אונפעהלבארעס וועזען, און דיעזער איז דער ארכיטעקט פון דער וועלט!“

אלעס, אלעס דערצעהלט אונז דיא תורה איבער אונזערע אבות, אפילו איבער דיא גרויסע פערברע־כענס פון ראובן׳ען מיט יהודה׳ן.—אלעס אלעס ווערט געשילדערט עפענטליך און דער הויך פון דער געטלי־כער וואהרהייט שוועבט איבעראל.

אָבער, אויב דיא העלדען פון דער תורה שיינען וויא דיא ליכטיגע שטערען אין דעם הימעל פון דער אידישער געשיכטע, דאן שטראהלט יוסף׳ס כאראקטער וויא דיא פּרעכטיגע מארגען־זונן אין א שעהנעם זומער־דיגען טאָג. מיר זעהען איהם אין גאנצען וויא ער איז געוועזען פון זיין פריהער קינדהייט אָן ביז זיין לעצטען אטהעם צוג; מיר לעבען דורך מיט איהם צוזאמען אלע עפּאכעס אין זיין לעבען; מיר שפּיעלען צוזא־מען מיט איהם אויף דער היסטאָרישער ביהנע דיא גרויסע אונשטערבליכע דראמע פון „מ כ י ר ת י ו ס ף“.

## ערשטער אקט.

א שעהנער, קלוגער און ליעבעס־ווירדיגער אינג־ליג איז געווען דער זיבעצעהן יאָהריגער יוסף ביי זיין אלטען פאָטער יעקב. דער אלטער און עדעלער טאטע האָט איהם געליעבט מעהרער פון אלע זיינע צעהן ערוואקסענע קינדער; אין זיידענס האָט ער איהם בעקלייד. נעבען זיך האָט ער איהם געהאלטען און האָט זיך ניט געקענט אָנזעטיגען מיט זיין ליעבער און זיסער געשטאלט וואס האָט איהם עראינערט אָן זיין גוטע און צארטע מוטער רחל, וועלכע איז גע־שטאָרבען אין איהר בליהענדע יוגענד.

„געה יוסף מיין קינד“, האָט געזאָגט דער אלטער יעקב צו איהם, „געה מיין ליעבלינג און ווער געוואָהר וואס מאכען דיינע ברידער מיט דיא שעפעלאך דאָרט אין דיא גרינע לאָנקעס“.

וויא אן אונשולדיגער מלאך׳ל איז ער געקומען בעגריסען זיינע ברידער אין דעם פאטער׳ס נאָמען און האָט ניט פערשטאנען אז קנאה און שנאה ברענט אין זייערע הערצער וויא א העלישער פייער.

אָבער זיינע ברידער, פערפיהרט פון ווילדען צאָרן און גיפטיגע קנאה, האָבען באלד פון איהם אראפגע־צויגען זיין זיידענע העמדעלע, איהם אריינגעווארפען

אין א טיעפען גרוב, און דאן זיך גאנץ רוהיג אוועק־געזעצט עסען זייער מאהלצייט.

א קאראוואן פון ישמעאלים, שקלאפען־הענדלער, זיינען גראדע אין דעם מאמענט אנגעקומען און שנעל איז דער שרעקליכער פערברעכען געשעהען: די צעהן ערוואקסענע מענער האבען יוסף'ן זייער ברודער און דעם אלטען פאטער'ס ליעבליינג, פערקויפט צו דיא ישמעאלים און זיי האבען איהם טראנספארטירט נאך מצרים.

### צווייטער אקט.

אין תחפנחס, דיא רעזידענץ פון עגיפטען (מצרים) אין דעם גרויסען שקלאפען מארקעט, זעהען מיר יוסף'ן ליגענדיג צוזאמען מיט הונדערטע אנדערע שקלאפען געבונדען מיט שטריק איינער צום צווייטען, און דיא גרויסע מאגנאטען און דיא קעניגליכע בעאמטע געהען ארום און בעטראכטען זיי אום אויסצוגעפינען וויא פיעל יעדער בעזונדער האט ווערטה. יוסף מיט זיין הערליכע און שעהנע געשטאלט האט ארויסגע־שיינט וויא א ליכטיגער שטערן פון אלע זיינע אונגליק־ליכע קאמעראדען.

פוטיפר, פרעה'ס אדיוטיאנט האט איהם גלייך בעמערקט, ער איז איהם שטארק געפעלען געווארען

און האָט גלייך בעצאָהלט פאר איהם זיין פרייז, ער האָט איהם אוועקגעפיהרט אין זיין פּאַלאַץ.

יוסף מיט זיין גלענצענדע פעהיגקייט האָט זיך אין א זעהר קורצע צייט ענטוויקעלט און אנשטאט א שקלאף האָט איהם פוטיפר געמאכט אלס פערוואלטער איבער זיין גאנצען רייכטהום.

## דריטער אקט.

אָבער זיין גליק איז אין אן אונגליק פערוואנדעלט געווארען, זיין שעהנהייט האָט איהם געפיהרט אין גע־פענגניס. זליכה, פוטיפר'ס פרוי, דיא אָריענטאלישע מטרונא האָט זיך שטערבליך פערליעבט אין דעם שעה־נעם שקלאף און פאר דיעזער „זינד" וואס א פרוי האָט איהם געליעבט און ער איז געבליעבען פעסט ביי זיין מאראלישע ריינקייט, איז ער אריינגעווארפען גע־ווארען אין א פינסטערעס געפענגניס.

מיר זעהען איהם ווידער אין א שרעקליכע לאגע ליגענדיג אויף א ביסעל שטרוי אין דער געזעלשאפט פון פערברעכער.

אך ! מיט וויא פיעל האס און פיינדשאפט האָט זיך געדארפט אָנפילען זיין יונגע ברוסט צו זיינע ברידער וועלכע האָבען אויף איהם געבראכט אזוי פיעל אונגליק ? אָבער וואס זעהען מיר ווייטער ?

# מאסליאנסקי׳ס דרשות

## פיערטער אקט.

א בריליאנט שיינט ארויס זאגאר ווען ער ליעגט אין א שווארצע קויל, יוסף האט אויך אין געפענגנים זיך אויסגעצייכענט איבער אלעמען און מיט זיין גראַדען שכל האט ער זיך פערשאפט א גרויסען נאָמען אלס א חכם און א פותר חלומות און דיזע השגחה האט איהם ניט פערלאזען.

גראדע אין יענער צייט האט זיך דעם עגיפּטישען אויטאָקראט פּרעה פארגעשטעלט א חלום און יוסף איז פון געפענגנים ארויסגענומען געווארען און איז אריין אין דעם קייזערליכען פּאלאץ. פרעה האט אין איהם גלייך דערקענט זיינע גרויסע פעהיגקייטען און פון א געפאנגענעם איז ער געווארען א פּרינץ, א שני למלך. און אנשטאט דעם אידישען נאָמען יוסף האט איהם פּרעה געגעבען אַן עגיפּטישען און אַן אריסטאָקראַטישען נאָמען: „צפנת פענח" און יוסף איז דאן געוואַרען דער ווירקליכער הערשער פון דעם רייכען און מעכטיגען לאנד מצרים.

דיא השגחה האט געפיהרט דערצו וואס א הונגער האט אויסגעבראכען אין דעם לאנד כנען, און ניט ווילענדיג האט דער אלטער יעקב געמוזט שיקען זיינע זיהן נאך עגיפּטען צו בעזארגען ברויט פאר דער פאַ־

מיליע. זיי זיינען געקומען צו יוסף׳ן. ער דער הערשער האָט זיי דערקענט. זיי איהם ניט. זיי זיינען געשטאנען ניעדערגעשלאָגענע און אויסגעהונגערטע און געקניעט פאר איהם און געבעטען ברויט צום לעבען.

וואס וואלט א געוועהנליכער מענש אויף יוסף׳ס פלאטץ געטהאָן ? זיי האָבען איהם אוועקגעריסען פון זיין ליעבען פאטער, אריינגעוואָרפען אין א גרוב, פערקויפט פאר א שקלאף און פערגיפטעט זיין יונגעם און בליהענדען לעבען. ראכע, שרעקליכע ראכע וואלט ער גענומען פון אזעלכע ברידער און ער וואָלט מיט זייער בלוט געלאָשען דיא העלישע פלאמען פון זיין בעליידיגטע עהרע און פון זיין פערוואונדעטע ברוסט.

אָבער יוסף דער וויצע־קעניג פון מצרים, דער נאָ־בעלער זוהן פון דער גוטער רחל, האָט גאָר אנדערש געהאנדעלט.

נים האס, ניט פעראכטונג, ניט נקמה האָט אָבער זאמאָלס בעהערשט דיא עדעלע נשמה פון עגיפטישען וויצע קעניג און אברהם׳ס אייניקעל, זאָנדערן מיטלייד פערצייהונג און ברודער־ליעבע האָבען אין איהם ער־וואכט און אויסגעפיהלט זיין גאנצע עדעלע הארץ. דיא טרעהרען האָבען אָנגעפיהלט זיינע אויגען און מיט ציטערענדע ליפען האָט ער אויסגעשריען :

„דערקענט איהר מיך ניט ? איך בין דאך יוסף אייער ברודער... „אני יוסף אחיכם אשר מכרתם אותי מצרימה !" איך בין עס דער זעלבער יוסף, יעקב און רחל׳ס זוהן, ניט צפנת פענח !"

און ווען ער האט זיך שוין מיט זיי איבערגע־בעטען און געצייגט אלע מעגליכע פריינדליכקייטען און זיי אויסגעשטאטעט מיט אלעם גוטען פיר זייערע הונגערענדע פאמיליען, האט ער זיי בעגלייט און גע־זאגט : ברידערלאך, „אל תרגזו בדרך !" איהר זאלט געהן רוהיג צו אונזער אלטען פאטער און ברייננגען איהם צו מיר און איהר זאלט קיין עגמת נפש ניט האבען וואס איהר האט מיך שלעכט בעהאנדעלט ווייל דאס איז געוועזן גאט׳ס ווילען, און מיר פראסטע מענ־שעלאך דארפען זיך ניט מישען אין זיינע געהיימ־ניספאלע דרכים.

דאס איז א פאלקאמענער כאראקטער פון אן „אדם העליון" אן „איבער מענש". — און ווען מיר אידען זאלען נאר האבען דעם איין טיפ אין אונזער געשיכטע קענען מיר מיט רעכט רופען זיך מיט דעם נאמען „עם הנבחר" אויסגעוועהלטע נאציאן !

זאל דיעזער כאראקטער זיין א מוסטער א פאר בילד פיר אונזערע היינטיגע „צפנת פענח׳ס" וועלכע

דער שיקזאל הויבט אויף אויף א העכערע שטופע אין לעבען אין געזעלשאפט ; העכער פון זייערע ניע־דעריגעשלאָגענע ברידער און קריגען אנדערע נעמען אין דער גרויסער וועלט דורך זייער קענטניס און רייכטהום, — זאָלען אונזערע געלעהרטע, אונזערע מיליאנערען, דיעזע אַלע הערען „צפנת פענח׳ס" וועלכע שעהמען זיך מיט זייער אידישע אפשטאמונג לערנען פון יוסף דעם פרינץ, דער וויצע־קעניג און אויסשרייען צו זייערע ארימע ברידער : „אני יוסף אחיכם !"

יוסף ! דוא זאָלסט זיין דער שפיעגעל, דאס בילד און דער מוסטער נאָך וועלכען אונזערע מעכ־טיגע, אונזערע שטארקע און אונזערע גרויסע מענער זאָלען זיך ריכטען.

אמת, פיעלע ברידער האָבען ניט געהאנדעלט גוט געגען זייערע אייגענע בלוט און פלייש ; פיעלע האָבען פערבראכען געגען יושר, מענשהייט און דיא הייליגע פרינציפען פון אונזער הייליגע רעליגיאן, אָבער אונזער העכסטע מדה דארף אימער זיין ניט אָפּ־צושטויסען, ניט צו טראגען קיין האס און ראכע, זאָנ־דערן האנדלען וויא יוסף און זאגען :

„פערגעסט ברידערלאך, אן דעם וואס עס איז גע־

ווען. קומט אהער צו מיר, דא האט איהר א ווארעמע ברוסט וואס קלאפט מיט ריינער ברודער־ליעבע! קומט אהער, זייט מיינע ווילקאמענע געסט, און דאן בריינגט אויף דעם טאטען אהער — דעם טאטען, און לאמיר זיין אלע צוזאמען! ווייל, אני יוסף אחיכם!"



## ויחי.

„וישלח ישראל את ימינו וישת על ראש אפרים
והוא הצעיר ואת שמאלו על ראש מנשה, שכל את
ידיו, כי מנשה הבכור!“

און דער ווינטער שטעהט ניט אויף איין ארט. ער שוועבט אלץ ווייטער און ווייטער, און מיט איהם צוזאמען געהען אויך דיא שעהנע אינטערעסאנטע ווינ־טערדיגע סדרות, און אט האלטען מיר שוין ביי דער סדרה „ויחי“.

אלע סדרות צוזאמען שטעלען פאר א הערליכע געטליכע דראמא פול מיט הייליגע שעהנע בילדער איבערהויפט אין יעקב׳ם לעבען מיט זיינע קינדער דיא „שנים עשר שבטי יה“. נאָר העכער פון זיי אלע איז דיא סדרה „ויחי“ וועלכע ענטהאלט דעם לעצטען אקט פון דער ערהאבענער דראמא: דער אקט וועל־כער צייגט אונז צום ערשטען מאָל דיא געטליכע פּאַ־עזי פון יעקב׳ס ברכה צו זיינע קינדער איידער ער שליסט זיינע אויגען אויף אייביג. אלע סדרות זיינען נור איין ריינע פּראזא, וועהרענד דיא לעצטע פון דעם ספר בראשית איז כולל אין זיך דאס גלענצענדע מיים־

טער־שטיק פון דעם דריטען פאטריארך, דעם „הקבצו ושמעו בני יעקב !" דיעזע פאעמא האט דער גרייז גע־שפראכען אויף זיין שטערבע בעט איידער ער האט אויסגעהויכט זיין הייליגע נשמה.

---

כל זמן איך וועל לעבען וועל איך ניט פארגע־סען דעם איינדרוק וואס דיא פרשה האט אויף מיר געמאכט ווען איך בין נאך געווען א קליין קינד. גאר מיט איין אנדער שטימע האט מיין „רבי" געלערענט מיט אונז דיא סדרה ; עפעס דער גאנצער חדר האט גאר אנדערש אויסגעוויעזען. אזוי וויא א הייליגע און ערהאבענע בעגייסטערונג האבען מיר בעמערקט אויף דעם רבי׳ס געזיכט ווען ער האט אנגעפאנגען צו זאגען גאר מיט א נייעם ניגון דעם „האספו ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם באחרית הימים !" „קומט אהער קינ־דער איך וועל אייך זאגען עטוואס וואס עס וועט מיט אייך געשעהען גאר אין דיא לעצטע דורות, אין דיא שפעטיגע צייטען !"

און דעם רבי׳ס ניגון איז געווען אזוי געשמאק, א מחיה ! עס איז צוגאנגען איבער אונזערע יונגע הער־צעלאך אז טרערעלאך האבען זיך בעוויעזען ביי אונז אלעמען אין דיא קליינע אייגעלאך ; מיר האבען ניט

געוואוסט דעם אונטערשיעד פון פּראזא ביז פּאָעזיע, נור מיר האָבען געפיהלט אז אלע מעשיות אין אלע סדרות זיינען געווען גוטע שעהנע און אנציהענדע פאר אונזערע הערצער, אָבער דאָ איז עטוואס בעזאָנדערס ; עטוואס שטארקער וויא געוועהנליך, יעדעס ווארט איז פול מיט רוח הקדש. יעדעס ווארט רייסט דיא נשמה מיט דער פולער קראפט און מאכט פון דעם הייליגען צויבער ; יעדעס ווארט געהט ארויס אזוי שטארק ווי פון גאָט אליין ; עס קריכט אריין טיעף, טיעף אין הארצען און נעהמט אָן ביי דער נשמה ; מויל און אויערען האָבען מיר געעפענט און געשלונגען מיט חשק יעדע זילבע פון דעם רבי'ס מויל.

און דאס בילד וויא הייליג דאס איז ! פאר אונזערע אויגען איז עס געשטאנען וויא א לעבעדיגע קארטינע :

אָט זעהען מיר וויא דער אלטער קראנקער פאטער ליעגט אויף זיין בעט, זיינע הענד טרייסלען זיך ; דיא אויגען האלב אויסגעלאשען ; ער האלט ביים שטארבען.... יעקב אבינו וועט שוין מעהר ניט לעבען. נאָך א ביסעל און ער וועט זיך אָפּשיידען פון אונז אויף אייביג. מיר פיהלען וויא מיר זעלבסט דארפען זיך געזעגענען מיט אונזער גוטען אלטען בעקאנטען מיט

וועלכען מיר האָבען צוזאמען געלעבט א היבשע צייט וועלכען מיר האָבען געעהרט און געשעצט און גע־ליעבט.

מיר עראינערען זיך נאָך אָן איהם ווען ער איז געווען א קרעפטיגער יונגער מענש, וויא ער האָט גע־קעמפפט אין דער פינסטערער נאכט מיט דעם בייזען מלאך; מיר הערען נאָך זיין שטימע וויא ער אר־גומענטירט מיט זיין אָנקעל לבן הארמי; מיר הערען נאָך זיין געוויין און יאמערליכען געשריי ווען זיינע קינדער בריינגען איהם דיא פינסטערע בשורה אז זיין ליעבער מוזיניקעל יוסף׳קע איז צוריסען געווארען פון א ווילדע בעסטיע; מיר זעהען נאָך זיין שמחה ווען מען האָט איהם אָנגעזאגט אז זיין ליעבער זוהן לעבט און רעגיערט דאס לאנד מצרים.

און פלוצלונג פאלט ארונטער דער פארהאנג און אן ענדע צו אלעם!

יעקב דער העלד וואס האָט בעקעמפפט אלעם אין זיין לעבען, ליגט יעצט קראפטלאָז, אָהנמעכטיג קראנק און שלאף און האלט ביים שטארבען...

נעבען בעט ישטעהט זיין ליעבלינג, יוסף זיין זוהן מיט זיינע צוויי אייניקלאך — יוסף׳ס זיהן אפרים און מנשה; יוסף האָט זיי צושטעלט אין ארדנונג לויט

זייערע יאהרען : מנשה׳ן ביי יעקב׳ס רעכטע האנד ווייל ער איז דער עלטערער, און אפרים׳ען ביי זיין לינקער האנד. דער אלטער פאטריארך האָט זיי געלאַזען שטעהן אויף זייערע ערטער נור ער האָט זיינע הענד איבערגעלייגט איינע איבער דיא אנדערע, אזוי אז עס איז אויסגעקומען זיין רעכטע האנד אויף אפרים׳ען, און זיין לינקע אויף מנשה׳ן.

יוסף האָט גערעכענט אז זיין אלטער פאטער האָט געמאכט א טעות און בעמערקט מיט א פּאָר ווערטער אז מנשה איז דער בכור און דערביי געוואָלט איבערלייגען זיין פאטער׳ס הענד.

אָבער יעקב האָט געענטפערט : „ניין מיין קינד, איך ווייס אז ער איז דער עלטערער. ער וועט זיין גרויס, אָבער דער אינגערער וועט איהם איבערשטייגען אין זיין גרויסקייט !“

ווארום האָט יעקב איבערגעלייגט זיינע הענד ? מיט וואס האָט אפרים ביי איהם מעהר נושא חן געווען פון מנשה׳ן ?

ווען מיר זאָלען גוט בעטראכטען דיא געשיכטע דאן וועלען מיר געפינען אז דיא נעמען זייערע „אפרים —מנשה“ שפּיעלען דאָ א הויפּט ראָלע.

יעקב האָט מיט דעם אויסגעדריקט א פּראטעסט

צו דעם נאָמען מנשה און סימפּאטהיע צו דעם נאָמען אפרים.

מיר לערנען אין דער סדרה „מקץ“ דיעזע צוויי פּסוקים :

„ויקרא יוסף את שם הבכור מנשה כי נשני אלהים את כל עמלי ואת כל בית אבי“.

„ואת שם השני קרא אפרים, כי הפרני אלהים בארץ עניי“

דאס הייסט : און יוסף האָט א נאָמען געגעבען דעם עלטערען זוהן מנשה — ווייל „מנשה“ מיינט אין העברעאיש פערגעסען — דאס מיינט ער איז צופריעדען וואס ער האָט פערגעסען זיין אלטע היים און זיין פאָטער'ס הויז פון וואנען ער איז אָפּגעריסען געווארען.

און דעם צווייטען האָט ער א נאָמען געגעבען אפרים — ווייל „פרה“ מיינט אין העברעאיש פרוכטבאר — דאס הייסט, ער איז צופריעדען וואס זיין פאַמיליע ווערט גרעסער אין דעם פרעמדען לאנד.

יעצט ווען מיר וויסען דיא בעדייטונג פון דיאביידע נעמען, קענען מיר זיך לייכט פארשטעלען וואס פאר אווירקונג זיי האָבען געמאכט אויף דעם אלטען אידישען פאטריארך.

דער נאָמען מנשה וואס בעדייטעט „פערגעסען“

און קלינגט מיט אסימילאציאן מיט אָפּרייסען זיך פון זיין שטאם און אויסמישען זיך מיט א פרעמדע נאציאָן — דיעזער נאָמען האָט ניט געקענט בריינגען פערגע־ניגען דעם ישראל סבא, און אום צו פּראטעסטירען גע־גען אסימילאציאָן, געגען התבוללות בין העמים האָט ער אויף מנשה'ן דיא לינקע האנד ארויפגעלייגט.

אָבער דער נאָמען אפרים וואס בעדייטעט פרוכט־בארקייט, פערמעהרונג פיר דער נאציאן, דיעזער נאָ־מען האָט צופריעדענגעשטעלט דעם אלטען פאטער, און אום צו ווייזען זיין צופריעדענהייט, האָט ער אויף אפרים'ס קאָפּ ארויפגעלייגט דיא רעכטע האנד.

גליקליך איז דיא נאציאן מיט אפרים'ס און אונ־גליקליך מיט מנשה'ס.

אָבגעבענדיג דיא ברכה יוסף'ן מיט זיינע זיהן און פעראייביגענדיג זייערע נעמען אין דער אידישער נאציאן מיט דער ברכה פון: „ישימך אלהים כאפרים וכמנשה!" האָט דער גוסס יעקב גערופען צו זיך אלע זיינע צוועלף זיהן.

זיי זיינען ערשיענען. זיי זיינען געקומען דיא הויכע און געזונטע מענער, מיט ברוינע געזיכטער, גרויסע דונקעלע אויגען, לאנגע שווארצע בערד און זיי־נען געבליעבען שטעהן מיט אראפּגעלאָזענע קעפּ און

מיט עהרנפורכט אום צו הערען דיא לעצטע ווערטער פון זייער הייליגען שטערבענדען פאטער, וועלכער וויל זיי ערקלעהרען וואס עס וועט מיט זיי פארקומען אין דער ווייטער צוקונפט.

מיט פיעל מיה הויבט אויף דער אלטער זיין קאָפּ, און מיט א צארטע און שטילע שטימע פאנגט ער אָן צו ריידען, אָבער וואס ווייטער שטארקט זיך זיין שטי־מע, דער רוח הקדש בעגייסטערט דעם הייליגען מאן און דיא ווערטער זיינע זיינען קורץ און שארף.

„ראובן, מיין בכור!" שרייט ער אוים מיט א געטליכע שטימע און ער נעהמט צו פון איהם — לויט וויא רש"י זאָגט — אלעס, אלעס פיר זיין פערברעכען אין „טהרת המשפחה"; ער נעהמט צו פון איהם כהונה, לויה און אויך דיא מלוכה.... ארימער ראובן וויא שרעקליך איז דיין שטראף!....

ראובן געהט אוועק אָן א זייט מיט אראפּגעלאָ־זענע אויגען און שמעון ולוי געהן צו — אָט דיעזע צוויי העלדען וועלכע האָבען זיך אָפּגערעכענט מיט שכם בן חמור פיר דיא עהרע פון זייער ליעבע שוועס־טער „דינה" הערען יעצט פארווירפע פון זייער שטערבענדען פאטער פיר זייער איבעראיילטען שריט צו פערגיסען אזוי פיעל מענשען בלוט... ניין! יעקב

געפינט קיין ענטשולדיגונג פאר מאָרד!

יהודה געהט צו מיט שרעק נעהמען זיין טהייל, אָבער וויא איבערראשט איז ער געווארען זעהענדיג ווי דעם אלטענס געזיכט איז אויסגעלייטערט געווארען און פול מיט ליעבע רעדט ער צו איהם און בענשט איהם, ער הויבט איהם אויף איבער אלע זיינע ברידער און פראפעצייהעט פאר איהם דיא גליקליכע צייט פון דוד און שלמה... און אזוי פליעסען דיא ברכות וויא א הימלישער באלזאם פון דעם אלטען יעקב׳ס מויל צו יעדען קינד נאָך זיין ווערטה.

„קינדער, איך שטארב" מורמעלט דער פאטריארך נאָך זיינע ברכות, „טראגט אוועק מיין קערפער אהין, אהין, דארט צו דעם מערת המכפלה וואו מיינע עלטערען רוהען. דארט שלאָפט אברהם און שרה, יצחק און רבקה, דאָרט האָב איך בעהאלטען מיין לאה"...

א הייליגער און רוהיגער שמייכעל האָט זיך בעוויעזען אויף זיינע ליפען און זיין גרויסע נשמה האָט זיך געשיידעט פון זיין קערפער און זיך פעראייניגט מיט דער אונשטערבליכקייט.

דאס איז דער לעצטער אקט פון דער הייליגער דראמא פון ספר בראשית; דערמיט שליעסט זיך דאס בילד פון דער גרויסער האנדלונג ווען דיא גרונד

זיילען זיינען פערפעסטיגט געווארען פיר דער צוקונפט פון אונזער נאציאן.

דער פארהאנג פאלט און א שוידער פון הייליגער בעגייסטערונג ציטערט אויף אונזערע גליעדער.



# שמות

## משה׳ס פריהעסטע יונענד פערגליכען צום שטורמישען לעבען פון אונזער אונגליקליכע נאציאָן.

„כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו וכל הבת תחיון״.

(שמות א. כ״ב).

„ותתצב אחותו מרחוק לדעה מה יעשה לו״.

(שמות ב. ד.)

עס איז ווירקליך מערקווירדיג ווען מיר בעטראכ־טען אויפמערקזאם משה׳ס ביאָגראפיע, דאן געפינען מיר אין איהר א פאראלעל צו אונזער געשיכטע אויף אזוי וויט, אז מיר קענען זיך דערביי בעדיענען מיט א תלמודישען אויסדרוק: „משה וישראל חד הוא״.

אין זעהר א פינסטערע צייט איז געבאָרען געוואָ־רען דער גרויסער געטליכער מאן, וועלכער האָט גע־בראכט דאָס ערשטע ליכט אויף דער וועלט; אין פינ־סטערען מצרים וואו דער בלוטיגער אויטאָקראט פרעה האָט דער ערשטער פערשקלאפט אונזערע עלטערן האָט משה דער בעפרייער געעפענט זיינע אויגען. אין דער

צייט ווען פרעה דער גרויסער און גרויזאמער הער־שער האט זיך געבאדען אין אידישעס בלוט און געגע־בען דעם בארבארישען בעפעהל: „כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו וכל הבת תחיון“, דאס הייסט: יעדעס קינד פון מענליכען געשלעכט זאל מען אריינ־ווארפען אין טייך, און יעדע טאכטער זאל מען לאזען לעבען.

אט דיעזע גזירה פערפאלגט אידען נאך עד היום הזה. פון דעם עגיפטישען אויטאקראט פרעה ביז דעם רוסישען סאמאדערזשעץ ניקאליי האט דיא דעמארא־ליזירענדע בארבארישע גזירה פון אונז ניט אבגעטרא־טען. אונזערע שונאים, דיא טיראנישע פערפאלגער אין פערשיעדענע צייטען, איבער דעם גאנצען ערד־באל, אין דער צייט ווען זיי באדען זיך אין דיא בלוט פון אונזערע זכרים קוקען זיי מיט גרויס „סימפאטהיע“ — מיט ליידענשאפט אויף אונזערע טעכטער. חמור מעג זיך פיינט האבען יעקב'ן מיט אלע זיינע זיהן אבער שכם האט „ליעב“ דינה'ן, יעקב'ס טאכטער! נאך דעם אלטען פרינציפ פון פרעה'ס אוקאז: כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו וכל הבת תחיון“.

ווער פון דיא רוסישע אידען ווייס דאס ניט אז אין דער צייט וואס עס איז שטריינג פערבאטען אז א איד זאל, חלילה, ניט איבערנעכטיגען אין דיא היי־

ליגע רוסישע שטעדט וויא פעטערבורג, מאָסקווא אָדער קיעוו, אין דערזעלבער צייט איז פריי פאר א אידישע טאָכטער צו וואָהנען אין דיא זעלבע „היילינע“ שטעדט ווען זיי בעזאָרגען זיך מיט א „געלען בילעט“, דעם אבשייליכען צייכען פון שאנדע און שמוץ וואָס אויף זיי איז אויפגעשריעבען מיט קאצאפ׳ס שפראך „וכל הבת תחיון“!

וועה איז צו דיא קיישע, ריינע ציון׳ס טעכטער, דיא סטודענטקעס אָדער שניידערינס וואָס זיצען אין פאָניעס „היילינע“ שטעדט אונטער דעם שמוציגען שוץ פון דעם געלען בילעט און ניקאָלאי׳ס שיכור׳ע טשינאָווניקעס דערוויסען זיך אז זייער בעשעפטיגונג איז גאָר אן אָרענטליכע, דאן ווערען זיי באלד ארויס־געטריעבען פון שטאָדט.

אָט אזוי בעהאנדעלט מען אונז יעצט אין צוואנ־ציגסטען יאָהרהונדערט אין רוסלאנד און אזוי האָט פרעה מיט דריי טויזענד יאָהר צוריק אייגעפיהרט אין מצרים!

*
* *

אין דיעזע טרויעריגע אונגליקליכע צייט האָט יוכבד געבראכט אויף דער וועלט איהר זוהן משה. אומזאָנסט האָט דיא צערטליכע מוטער גאנצע דריי

מאָנאט פּרובירט בעהאלטען איהר געליעבטעס קינד פון דיא געהיימע שפּיאָנען, דיא אונגליקליכע מוטער איז ענדליך געצוואונגען געוועזען מיט איהרע אייגענע הענד צו מאכען א קבר פיר איהר הערצענסגעליעבטען קליינעם זוהן, זיא האָט איהר שאַץ, איהר קליינעם משה'לען פּערפּאקט אין א קעסטעלע, און האָט איהם מיט איהרע אייגענע הענד אין דעם שרעקליכען טייך נילוס אריינגעלאָזען.

דער שטירמישער טייך האָט אויפגעברויזט. דיא וועלען האָבען גענומען שליידערן דאָס קליינע קעס־טעלע מיט דעם הילפלאָזען שווימער הין און צוריק; איין מאָמענט האָבען זיי איהם אויפגעהויבען הויך און אין דעם צווייטען האָבען זיי איהם א וואָרף גע־טאָהן צום טיעפען אָבגרונד, שרעקליכע קראָקאָדילען מיט אָפענע גרויסע מיילער, מיט שארפע שניידענדע צייהן זיינען ארויסגעשפּרונגען פון תהום, מיט א ווילדע מאָרד־זוכט האָבען זיי געשוועבט פון אלע זיי־טען איינצושלינגען דאָס קליינע קעסטעלע מיט דעם שווימער צוזאמען. א געהיימעס אויג וואכט אָבער פון אויבען, א פערבאָרגענע שטארקע האנד פיהרט דאָס קעסטעלע דורך אלע שרעקליכע געפאהרען, און דער קליינער הילפלאָזער משה'לע ווערט ענדליך גע־רעטעט.

איז דען דאָס פאָלק ישראל ניט פערזעצט אין אזא לאגע און אונטערוואָרפען אזא שיקזאל ? שווימט דען ניט דער איד פון דעם טאָג פון זיין געבורט פונקט אזוי וויא זיין געזעצגעבער, אין דעם גרויסען וועלט־טייך וועלכער ווערט איבערפילט פון זיין בלוט און פון זיינע טרעהרען זייט טויזענדער יאָהרען ? שפרינ־גען איהם ניט נאָך אליגאטאָרען, ווילדע קראָקאָדילען, מזיקים, בלוטדורסטיגע חיות אין מענשענגעשטאלט, איהם איינצושלינגען לעבעדיגערהייט ? און דאָך זעהען מיר, אז מיט אונז פאסירט דער זעלבער רעזולטאט וואָס האָט געטראָפען מיט אונזער הייליגען געזעצגעבער ; גאָטעס אויג בעוואכט אונז, א גע־היימע האנד פיהרט אונז דורך אלע געפאהרען ; וויא שארף עס זיינען דיא צייהן פון אונזערע פיינדע אויף דעם גאנצען ערד באל, זיינען זיי דאָך ניט פעהיג אונז צו פערניכטען וויל „משה וישראל חד הוא“.

* * *

„ותתצב אחותו מרחוק לדעה מה יעשה לו“, זיין שוועסטער איז געבליעבען שטעהן פון ווייטען, אום צו זעהען וואָס עס וועט דאָ פון איהם ווערען, דיא פראָפעטין מרים, דיא שוועסטער פון דעם אדון כל הנביאים, האָט געוואוסט, פערשטאנען און געפיהלט, אז איהר קליינער ברודער׳ל איז ניט קיין איינפאכעס

קינד, אז ער איז ניט גלייך צו דיא איבעריגע אומגליק־ליכע פון זיינע ברידער, וועלכע דיא וועלען פון נילום האָבען שוין פערשלונגען. זיא האָט מיט איהרע גייס־טיגע אויגען געזעהען אז אין דעם שיקזאל פון איהר קליינעם ברודערל משה׳לע שפיגעלט זיך אָפּ דאָס שיקזאל פון איהר גאנצע נאציאָן, אז דאָס וואָס פאַ־סירט יעצט מיט איהם, וועט דאָס פאָלק ישראל פער־זוכען שפּעטער, און דיא קריטישע פערצווייפעלטע לאגע וועט אָנהאלטען זעהר לאנג, און דאָס איז דיא ריכטיגע בעדייטונג פון דעם וואָרט „מרחוק״.

אין העברעאישען הייסט „מרחוק״ ניט נור וויים אין פלאץ זאָנדערן אויך אין דער צייט, „ותתצב אחותו מרחוק״ זיא איז געבליעבען שטעהען פערוויררט, בעטראכטענדיג, דענקענדיג און פאָרשענדיג דאָס אי־דישע שיקזאל אין דיא צוקונפט: „לדעה מה יעשה לו״ אום צו וויסען וואָס דיא השגחה האָט בעשטימט פיר דאָס פאָלק וייל „משה וישראל חד הוא״.

דאָס קליינע קעסטעלע, אין וועלכע דער גרעסטער פון אלע מענשען ליעגט פערפאקט, קעמפפט אונטער־דעסען מיט דיא שטירמישע וועללען, און מיט דיא וויל־דע קראָקאָדילען, וועלכע ווילען איהר פערשלינגען, דיא בעטריעבטע מרים שטעהט פון וויימען, און זעהט וויא פרעה׳ס טאָכטער דיא פרינצעסין אין בעגלייטונג

פון איהרע הויפדאמען געהען זיך באָדען, איינע פון זיי האָט צופעליג דאָס קעסטעלע בעמערקט, אוים נייגיעריגקייט האָט זיא עס געכאַפּט און איבערגערייכט דער פּרינצעסין. וועלכע האָט עס גלייך געעפענט, און פאַר איהר איז ערשיענען א קליינעס וויינענדיג קינד. דער מדרש מאָלט דערביי זעהר א גייסטרייכעס בילד: דיא פּרינצעסין האָט אויף דעם אָרעמען קינד רחמנות בעקומען, און זיא האָט גלייך געשיקט נאָך א זויגעדיגע פרוי, אום צו שטילען זיין הונגער. דאָס קינד עפענט אויף זיינע קליינע ליכטיגע אויגעלאך און דערזעהענדיג א שווארצע פרעמדע פרוי (כושית) האָט ער פעסט צוגעשלאָסען זיין מיילכעלע. וויא מיט א שוידער האָט ער זיך אָפּגעקעהרט פון איהר ברוסט, און צומאַכענדיג זיינע אויגען האָט ער ציטערענדיג פון קעלט און פון הונגער גענומען ווייטער שרייען.

דיא פּרינצעסין האָט גלייך בעפוילען, אז מען זאָל ברייגנען אן אנדערע אמע. דיא צווייטע איז שוין געוועזען א מדינית, אָבער טראָטץ דעם וואָס דער קליינער משה'לע איז געוועזען הונגעריג און פערשמאכט, האָט ער זיך ענטזאגט אויך פון דער צווייטער פרוי'ס ברוסט. אומזאָנסט האָט דיא מיטלייךענדע פּרינצעסין געוועקסעלט איין אממע אויף דיא צווייטע, דער קליינער משה'לע איז געבליעבען ביי זיינע הארטנע־

קינקייט, און האָט פאר קיין פאל ניט געוואָלט זויגען פון א פרעמדע ברוסט.

„ אך, מיין קליינער ערהאבענער ברודערעל״ !
האָט מרים דיא הייליגע פּראָפעטין מיט ציטערענדע ליפּען געמורמעלט, און ניט פערלירענדיג קיין איבע־ריגע צייט, איז זיא צוגעגאנגען צו דער פּרינצעסין, און מיט א טיעפע פערבייגונג האָט זיא זיך געווענדעט צו איהר מיט דיא ווערטער :

„זאָל איך פיעלייכט געהן רופען א אידישע אממע פיר דאָס אונגליקליכע קינד?״

„יא״, האָט דיא פּריינצעסין צופריעדען ערוויי־דערט.

שנעל וויא א בליטץ האָט מרים געהיילט צו יוכבד׳ן איהר מוטער.

„מוטער״ ! האָט זיא מיט בליצענדע אויגען אויסגערופען, „מוטער ! דאָס קינד איז גערעטעט ! ער איז אין דער פּרינצעסינס הענד, טראָטץ דעם וואס ער איז פערהונגערט, האָט ער ניט געוואָלט אָננעה־מען קיין ברוסט פון דיא פרעמדע פרויען, וויא עס שיינט ווארט ער נור אויף דיר ליעבע מוטער״.

דיא איבערראשענדע מוטער, איז געוואָרען אוי־סער זיך פון פרייד, זיא האָט אָבער בעהערשט איהרע

אויפרעגונג, אום דיא פרינצעסין זאָל ניט פערשטעהן אז זיא איז דיא מוטער פון קינד, און מיט א קינסט־ליכע רוהיגע קאַלטע מינע איז זיא מיט איהר טאָכ־טער געגאַנגען צו דער פרינצעסין.

וויא ערשטוינט און איבערראַשט זיינען אָבער דיא פרינצעסין מיט איהרע הויפדאמען געוואָרען זע־הענדיג וויא דאָס קינד האָט זיך צוגעכאפט צו דער ברוסט פון דער אידישער פרוי, און מיט זיינע קליינע ליכטיגע אויגעלאך האָט ער מיט א זאנפטען, מילדען שמייכעל געקוקט איהר אין געזיכט.

פרעה׳ס טאָכטער איז פון יוכבד׳ן געווען זעהר צופריעדען און זיא האָט זיך גלייך געווענדעט צו איהר מיט דעם וואונש, אז זיא זאָל מיטנעהמען דאָס קינד מיט זיך און איהם ערציהען, און דאפיר וועט זיא איהר בעצאָהלען, יוכבד נאטירליך, האָט איהר מאיע־סטעטישען בעפעהל געהאָרכזאם אויסגעפיהרט, און צוזאמען מיט איהר גערעטעטען משה׳לען איז זיא צו־ריק געגאַנגען אהיים.

ווען מיר זאָלען אויפמערקזאם בעטראַכטען דיא אידישע געשיכטע, זעהען מיר דאָס זעלבע בילד: דיא זעלבע סצענע פון משה׳ס ביאָגראפיע האָט ניט איין מאָל זיך אָפגעשפיעלט מיט אונזער פאָלק ועלכעס

שווימט ארום אין א ים פון צרות זייט צוויי טויזענד
יאָהר!...

ניט איין מאָל האָבען אונז פרינצעסינס פאָרגע־
לייגט פערשיעדענע פרעמדע אממען אום אונזער הונ־
גער צו שטילען, דיא גריכען און דיא רוימער אין דיא
אלטע צייטען, דיא שפאניער און נאָך פיעלע אנדערע
נאציאָנען אין מיטעל־אלטער, דיא רוסען, דיא רומע־
ניער, און נאָך אנדערע יודענפיינדליכע פעלקער, אין
דיא נייע צייטען! וויא פיעל מאָל האָבען דיא אלטע
פעלקער אין פערשיעדענע צייטען פאָרגעלייגט דעם
אויסגעהונגערטען ישראל א פרעמדע ברוסט? וויא
פיעל גרויזאמע הערשער האָבען געפּלאגט דעם ביי־
שפיעל פון פערדינאנד און איזאבעללא, און האָבען גע־
וואָלט אונז אָפּרייסען פון אונזער ריינע קוועלע?
אָבער מיט דעם זעלבען העלדען מוטה, מיט דיא זעלבע
הייליגע ענערגיע מיט וועלכע אונזער ערהאבענער גע־
זעצגעבער האָט זיך צוריקגעצויגען פון דיא אלע פרעמ־
דע אממען, האָבען מיר אויך מיט אונזער ריינעם נא־
ציאָנאלען שטאָלץ גענוג אָפּגעבראכט אום פרעמ־
דע בריסט ניט צו זויגען, און אָבוואָהל אונזערע ביינער
זיינען אויסגעטריקענט פון מארך, וועלכען אונזערע
שונאים האָבען אויסגעזויגען און אונזערע פיס זיינען
געשוואָלען פון אונזער לאנגען וואנדערען זוכענדיג א

רוהיגען ווינקעלע וואו אונזערע קעפ אוועקצולייגען, דאך האבען מיר אונזערע האפנונג ניט אויפגעגעבען אז דיא פערשפרעכונג פון אונזערע נביאים וועלען מקוים ווערען, און מיר וועלען זיך צוריק קעהרען צו אונזער מוטער ציון! צום וויגעלע פון אונזער יו־גענד וואו גאטעס הערליכע פראכט האט זיך אויף אונז בעוויזען.

דער קליינער משה׳לע האט מיט געדולד געווארט אויף זיין מוטער יוכבד און מיר בני ישראל ווארטען מיט דעם זעלבען געדולד אויף ציון.

ווייל „משה וישראל חד הוא!“



# וארא

## משה שטודירט זיינע ברידער אין גלות

„ויגדל משה ויצא אל אחיו וירא איש מצרי מכה איש עברי מאחיו, ויפן כה וכה וירא כי אין איש ויך את המצרי, ויטמנהו בחול, ויצא ביום השני והנה שני אנשים עברים נצים ויאמר לרשע למה תכה רעך? ויאמר: מי שמך לאיש שר ושופט עלינו? הלהרגני אתה אומר כאשר הרגת את המצרי? ויירא משה ויאמר אכן נודע הדבר!" (שמות ב.)

און וויא משה איז גרויס געווארען, איז ער ארויס־געגאנגען צו זיינע ברידער, אום צו זעהען זייער עלענ־דע לאגע. לײדער ווייזען אונז ניט אלע פון אונזערע יעצטיגע גרויסע אידיישע ברידער דעם זעלבען ביי־שפיעל. וויא זיי ווערען „ויגדל׳ס" ווערען זיי „ויצא׳ס", דאס הייסט, ווען זיי ווערען גרויס, געהען זיי אויך ארויס, אָבער אין וועלכען זינן? אונטער וועלכע פארם? זיי טהוען גראדע אומגעקעהרט וויא משה האָט גע־טהאָן: ויגדל משה ויצא אל אחיו; ויגדל קארל ויצא מן אחיו; משה איז ארויס צו זיינע ברידער, אָבער וויא אונזערע „קלמן׳ס" ווערען „קאראָלס", אונ־זערע „יונה׳ס" ווערען „איוואנ׳ס" און אונזערע „בצלאל׳ס" ווערען „טשאלים", דאן מאכען זיי דעם ויצא ניט „אל" צו אחיו, נור „מן" פון אחיו, און זיי אינטערעסירען זיך ניט מעהר מיט זייערע עלענדע ברידער.

ווי אונאבהייגניג משה איז געווען פון זיין פאלק, זייענדיג א פרינץ פון קעניגליכען הויף, רייך און געבילדעט, האט ער אויף זיך גענומען דיא הייליגע שליחות צו געהען צו זיינע אונטערדריקטע ברידער, צו לערנען און צו שטודירען זייער ארט טרויעריגעס לעבען אין דער שקלאפעריי, וויסען זייערע מעלות מיט זייערע חסרונות, אום צו געפינען א מיטעל מיט וואס זיי צו רעטען פון זייער יעמערליכע לאגע.

* * *

זעהר אינטערעסאנט זיינען פאר אונז דיא צוויי לעקציאנען, וועלכע דיא תורה גיט אונז איבער פון משה'ס בעזוכען זיינע ברידער אין צוויי טעג. אין די עטליכע שורות שפיגעלט זיך אפ אונזער גאנצער כאראקטער עד היום הזה.

אין דעם ערשטען טאג ווען ער איז געגאנגען זעהען און שטודירען זייער פערשקלאפונג, האט זיך אפגעשפיעלט פאר זיינע אויגען זעהר א טרויעריגע און ריהרענדע סצענע, ער האט פלוצלונג דערזעהען ווי א שווארצער עגיפטער (מצרי) האלט *) אין איין שלאגען א אידען וועלכען ער האט מיט געוואלד ארויס־

*) דאס איז דיא וואהרע בעדייטונג פון דעם ווארט „מכה" אין בינוני פועל. עס שטעהט ניט „הכה" אין עבר.

געשלעפּט פון זיינע ברידער **) און איהם געמאַטערט מיט מכות רצח. דיא איבעריגע ברידער זיינען געשטאַנען פון דער ווייטען און ניט געאיילט זייער געפּלאָגטען ברודער צו הילף, דען זייענדיג ניעדערגעשלאָגענע שקלאַפען, זיינען זיי גאַנץ גלייכגילטיג געבליעבען צו אזעלכע סצענעס, וועלכע זיי האָבען גאַנץ אָפט געזעהען. אָבער דאַן האָט זיך אין משה׳ן ערוועקט דער העלדישער פרייער גייסט און ער אליין מיט זיינע אייגענע הענד האָט דעם שווארצען ברוטאַלען מערדער טויט געשלאָגען, און האָט איהם בעהאַלטען אין זאמד,

---

**) דאָס וואָרט מאחיו שיינט צו זיין אבסאָלוט איבעריג. ווען דיא תורה דערצעהלט אונז אז דער געשלאָגענער איז געווען אַן „איש עברי“ פערשטעהט מען דאָך שוין אז ער איז געווען פון משה׳ס ברידער, צו וואָס דארף נאָך דיא תורה זאָגען „מאחיו“? אין אמת אָבער בעדייטעד דאָס וואָרט „מאחיו“ אז דער מצרי האָט ארויסגענומען דעם אידען פון זיינע ברידער וואָס האָבען דיא מערדעריי צוגעקוקט גלייכגילטיג און האָבען זיך פיר איהם ניט אָנגענומען; משה אָבער, דער גרויסער פּאַטריאָט, האָט זיך ניט געקענט בעהערשען און זעהענדיג אז עס איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל זיך פיר דעם אומגליקליכען אָננעהמען, אָבוואָהל ער האָט געוואוסט אז זיינע היילינע הענד וועלען האַלטען דיא היילינע לוחות אין וועלכע עס וועט שטעהן „לא תרצח!“ נור זעהענדיג אז ער איז דער איינציגער אויף׳ן פּלאַץ צו רעטען א אידען פון מצרי׳ס הענד, האָט ער געטויטעט דעם מערדער.

ניט ווייל ער האָט מורא געהאט, אז מען זאָל זיך דער־וויסען פון דעם מאָרד וואָס ער האָט בעגאנגען, ניט דערפאר האָט ער דעם קערפער בעהאלטען. ער האָט געוואוסט אז קיין סוד וועט ניט בלייבען, ער האָט עס אָבער געטהאָן אוים רעספּעקט צו א מענשליכען קער־פּער וועלכער איז א נברא בצלם אלקים.

דא זאָגט דער מדרש אז משה איז פון דעם טרוי־עריגען צופאל זעהר אויפגערעגט געווארען און ער איז ארוים מיט דער פראגע : „רבונו של עולם ! שבעים אומות יש בעולם, וכולם אינם משועבדות ואומה זו מפני מה היא משועבדת ?"

אָ גאָט, זיבעציג פעלקער זיינען דא אויף דער וועלט און קיינע פון זיי איז ניט פערשקלאפט ווארום גראדע איז דיעזע נאציאָן אונטעריאָכט ?

דיא פראגע האָט משה'ן ניט געלאָזען רוהען, ביז ער האָט זיך ענטשלאסען דעם צווייטען טאָג ווידער צו מאכען א „ויצא אל אחיו" אום צו שטודירען בע־סער זייער כאראקטער אויסצופארשען דיא וואהרע אורזאכע פון זייער שוואכקייט און ווארום זיי זיינען אזוי ניעדערגעשלאָגען. דער ערהאבענער געטליכער מאָן האָט איבערהויפּט געצווייפעלט אויב ער וועט קע־נען עפּעס טהאָן פאר זיי, נאָכדעם וויא ער האָט זיך

דעם ערשטען טאָג איבערצייגט, אז זייער מוטה איז אזוי ווייט געזונקען, אז זיי בלייבען רוהיג און גלייכ־גילטיג איינער צום צווייטען, אין דער צייט ווען זיי־ערער א ברודער ווערט אזוי פירכטערליך געשלאָגען.

גאנץ אנדערש האָט זיך אָבער משה איבערצייגט דעם צווייטען טאָג, ווען ער איז ווידער ארויסגעגאנ־גען צו זיינע ברידער, ער האָט אויסגעפונען אז זיי האָבען נאָך גענוג מוטה און ענערגיע, נור זיי געברוי־כען דיא וואפען ניט וואו מען דארף.

ער האָט בעמערקט וויא צוויי אידען, דתן ואבירם שלאָגען זיך. *) קריעגען זיך און שימפפען איינער דעם צווייטען מיט אזא ווילדער וואוטה, אז ער איז פערוואונדערט געווארען זעהענדיג אזא משונה׳דיגע סצענע. אָנפאנגס האָט משה׳ן הנאה געטהאָן וויל ער האָט געגלויבט אז דאס איז א געשלעג צווישען א איד־דען מיט א מצרי, און עס האָט איהם געפרעט צו זע־העו א אידען קעמפפען פאר זיינע רעכטע. ער האָט זיך אָבער באלד איבערצייגט, אז דיא קריעגער זיינען ביידע אידען. מיט א ישרעקליכער אויפרעגונג האָט ער זיך

*) דיא תורה האָט דאָ געברויכט דעם וואָרט „נצים" ניט „מריבים" וויל דער צייט־וואָרט „נצה" בעדייטעט אויף דעם שטארקסטען ארט געשלעג, אזוי וויא „כי **ינצו** שני אנשים **וינגפו** אשה הרה".

דאן געווענדעט צום שטארקערען און אויסגעשריען:

„ווארום שלאָגסט דוא דיין ברודער, ועלכער איז פונקט אזוי אונגליקליך וויא דוא? איז ער ניט פון דיין בלוט און פלייש וועלכער ווערט גערריקט, גע־שלאָגען און געטרעמפעלט מיט דיא פיס פון דיא שווארצע מחבלים גראדע וויא דוא? וואלט ניט גע־ווען פיעל בעסער, ווען דוא זאָלסט דיינע קרעפטען ניכער געברויכען, ווען דיא מצרים שלאגען זיך מיט דיינע ברידער? ווען איהר וואלט אייערע געמיינ־שאפטליכע קרעפטען אנווענדען געגען אייערע אונטער־דריקער, וואָלט איהר אייך געקענט רעטען פון אייער שקלאפריי און אויסבעסערען אייער לאגע, אנשטאָט אָבער צו זאמלען אייער מאכט געגען אייער אלגעמיי־נעם שונא, שלאָגט איהר זיך איינער מיט דעם צוויי־טען און דערמיט פערגרעסערט איהר אייער אונגליק און איהר פערלעשט אליין דעם לעצטען פונק פון האָפ־נונג צו אייער בעפרייאונג!"

משה האָט דיא ווערטער געשפראכען מיט הייל־ליגער בעגייסטערונג. דיא תורה האָט עס אָבער אויס־געדריקט קורץ אין איין זאץ: „למה תכה רעך?"

קוים האָט אבער דתן דער אונמענש בעמערקט ווער דער שפרעכער איז, וועלכער האָט איהם געפּרע־

דיגט דיא מאראל ; קוים האט ער משה׳ן דערקענט אלס עמרם׳ס זוהן, דער פרינץ פון אידישע עלטערען, דאן האט ער דעם גאנצען רעספעקט פאר איהם פערלארען, און מיט דיא געוועהנליכע חוצפה, וועלכע איין איד האט צום צווייטען, האט ער איהם גראב געענטפערט :

„זאג מיר, איך בעט דיך, ווער האט דיך געמאכט פאר א בעל הבית און פאר א ריכטער איבער אונז ? ווילסט דו מיך אפשר אויך טויט שלאגען אזוי וויא דוא האסט געטהאן מיט דעם מצרי ?"

הערענדיג דעם פרעכען ענטפער, האט זיך משה דערשראקען און האט אויסגערופען „אכן נודע הדבר !" דאס הייסט יעצט איז מיר שוין דיא פראגע בעאנטווארטעט געווארן „ווארום זיינען אלע פעלקער פריי און נור מיין נאציאן איז פערשקלאפט ?" יעצט פערשטעה איך דיא אורזאכע ווארום, ווייל זיי האבען פערלארען זייער נאציאנאלען גייסט, זייער זעלבסטבעוואוסטזיין, זייער עהרענגעפיהל, און דיא גוטע מדות פון זייערע עלטערען, און אנשטאט זיך זעלבסט צו פערטהיידיגען געגען זייערע פערפאלגער, פערשווענדען זיי זייערע קרעפטען אויף צאנקערייען, אינטריגעס און מחלוקות וועלכע מאכען זיי אלץ שוואכער און שוואכער.

דער ערשטער נאציאנאליסט, דער געטליכער מאן איז געווארען שטארק פערצווייפעלט, ער האט דעם גאנצען מוטה פערלארען, ביז גאט האט איהם געצייגט דאס בילד פון דעם סנה: „וירא מלאך ה׳ אליו בלבת אש מתוך הסנה, וירא והנה הסנה בוער באש והסנה איננו אכל“. דורך דיעזען ערהאבענעם בילד האט איהם גאט פארגעשטעלט דיא גאנצע אידיישע לאגע דאן אין דער געגענווארט און שפעטער אין דער צוקונפט. משה האט דערזעהען א דאפעלטען פייער — א פלאם שפארט אוים פון סנה פון דרויסען און אינערליך האלט דער סנה אויך אין ברענען.

דיעזער בילד האט משה׳ן געצייגט אז דער אידי־שער אונגליק איז א צווייפאכער, מבית ומחוץ, אינער־ליך ברענט, עס שרפה׳ט דער פייער פון שנאת חנם, פון ניט פערגינען, פון מחלקת לשם שמים, פון פירוד הלבבות, פון פערשיעדענע קלייזלאך, און פון אויסענ־ווייניג ברענט דער העלישער פייער פון אונזערע שונאים, וועלכע שלאפען ניט, רוהען ניט, טהוען אלעס וואס עס ליעגט נור אין זייערע קרעפטען צו פער־גרעסערען דעם העלישען פלאם פון פערפאלגונגען און דאך — דער ברענענדער סנה ווערט פון דיא פלאמען ניט פערצערט!

בעגייסטערט פון דיעזער געטליכער סצענע האט

משה פערוואונדערט אויסגערופען: „אסורה נא ואראה את המראה הגדול הזה מדוע לא יבער הסנה?" — איך וועל צוגעהען און זעהען וואס איז דאס איי־גענטליך מיט דעם סנה וואס ווערט ניט פערברענט פון אזעלכע פלאמען ? !

דאן האט זיך גאט צו איהם בעוויעזען פון דעם ברענענדען סנה; דאס הייסט, משה האט דאן דער־זעהען אז דער עקזיסטענץ פון יודענטהום איז איבער־נאטירליך, עס שטעהט העכער פון דעם געזעץ פון דער נאטור, ווען גאט וואלט אין דעם סנה ניט געווען וואלט ער שוין לאנג פערניכטעט געוואָרען, וואס פאר א בעטרעף האט א סנה, א יעגלענער בוימעלע געגען אזעלכע צוויי פייערען! „ויקרא אליו אלהים מתוך הסנה ויסתר משה פניו מהביט אל האלהים". משה האט שוין מעהר קיינע פראגען ניט געשטעלט, ווייל דיא געטליכקייט קען דעם מענשענס פערשטאנד ניט בעגרייפען.

דיעזעלבע כאראקטעריסטיק פון דיא צוויי ביל־דער וועלכע דיא תורה שטעלט אונז פאר, פון וועלכע אונזער געזעצגעבער האט פיעל געלערנט, זעהען מיר נאך היינט ביי אונזער פאלק און אויף זיין פראגע דעם ערשטען טאג: „שבעים אומות יש בעולם וכלן אינן

משועבדות, ואומה זו מפני מה היא משועבדת?"
דיענט אויך יעצט דיזעלבע אנטוואָרט: „אכן נודע
הדבר!" וועלכע משה האָט אויסגערופען דעם צווייטען
טאָג ווען ער האָט געזעהען וויא דתן שלאָגט זיין ברו־
דער אבירם מיט אזא ברוטאַלער געוואַלט.

יא, מיינע ליעבע ברידער! אויך היינט פונקט
וויא אמאָל, האָבען מיר גענוג עקזעמפּלערע וויא דתן
איז אמאָל געוועזען; מיר האָבען גענוג דתן'ס מיט
קרעפטיגע מוסקולן וועלכע געברויכען אָבער זייער
מאכט צו שלאָגען דיא אבירם'ס.

ווען עס געפינט זיך אן איש מצרי מכה איש
עברי דאן איז קיין איש ווער עס זאָל ארויסטרעטען
העלפען זיין געשלאָגענעם ברודער; דיזעלבע פויסט־
העלדען, וועלכע האָבען אזעלכע שטאַרקע קולאַקעס צו
שלאָגען זייערע אייגענע ברידער, ווערען פערוואַנדעלט
אין פייגלינגע, טרוסען, דערזעהענדיג אן איש מצרי
מכה איש עברי און זייער פאַטריאָטיזמוס איז בקצף
על פני המים, וויא שוים וואס שלאָגט ארויס אויף
וואסער.

אלזא מיינע ליעבע ברידער! ווען מיר ווילען
ווירקליך אז אונזער נאציאָן זאָל איינאַטהעמען נייעס
לעבען און פרישע ענערגיע, מוזען מיר אונזערע דתן'ס

ערקלעהרען און געבען צו פערשטעהען, אז עס איז ניט ראטהזאם אז זיי זאָלען געברויכען זייערע קרעפטען צו שלאָגען איינער דעם צווייטען, עס איז פיעל וויכ־טיגער פאר אונז אלעמען אז מיר זאָלען ליעבערסט אנוועגדען אלע אונזערע קרעפטען צו רעטען אונזער ארימע, פערפאָלגטע און אונגליקליכע נאציאן; צו לע־שען דאס פייער וואס דיא אנטיסעמיטען צינדען אימ־מער שטארקער אן — דאן ערשט וועט דיא וועלט זע־העז, כי הסנה איננו אכל; דאן וועלען מיר זיך אומ־קעהרען צוריק צו אונזער מוטער ציון גראדע זא וויא אונזער מחוקק האָט זיך פון דיא שטירמישע וועלען צוריק געקעהרט צו זיין מוטער יוכבד, ווייל „משה וישראל חד הוא!“



# ב א

## א פאנטאזיע איבער דעם אידישען פאלק און א האפנונגספאלע ווירקליכקייט איבער זיין עקזיסטענץ

---

## ישראל סבא

„והיה כאשר ירים משה ידו וגבר ישראל וכאשר יניח ידו וגבר עמלק; וידי משה כבדים ויקחו אבן וישימו תחתיו, וישב עליה".
(שמות י"ז).

„וכי ידיו של משה עושות מלחמה, או שוברות מלחמה? אלא לומר לך: כל זמן שהיו ישראל מסתכלים כלפי מעלה ומשעבדין את לבם לאביהם שבשמים היו מתגברים, ואם לאו היו נופלים".
(ראש השנה פ"ג משנה ח.)

אויף דעם גרויען קאפ פון א הויכען שפיציגען פעלזען וועלכער איז שווארץ פון אלטקייט, שטעהט אן אלטער מאן, אנגעצוויגען אין צוריסענע קליידער דורך וועלכען מיר זעהען דיא שרעקליכע וואונדען אויף זיין קערפער, — וואונדען! — אה גאט! — אלטע פערטריקענטע און פרישע פון וועלכע עס פליסט נאך ווארעמעס לעבענס-בלוט! — דער אלטער עלענדער

שטעהט וואקלענדיג און אונזיכער אויף דעם שפיץ פון דעם אלטען היסטארישען פעלז. א שווארצער לייוועג־טענער זאק היינגט אויף זיינע איינגעבויגענע שולטע־רען, און אין דעם זאק ליעגט א קליינער, זעהר אלטער ביכעלע און א שטיקעל טרוקענע ברויט. אין דיא הענד האלט ער אן אלטען שטעקען אויף וועלכען עס איז דא ביינאהע 4 טויזענד קארבען. פון דיעזען שטעקען ברייטען זיך אוים צוויי שטאנגען. אויף איינעם איז אויפגעשריעבען: „דיא פערגאנגענהייט“ און „דיא עראינערונג“ און אויף דעם צווייטען — „דיא צוקונפט“ און „דיא האפנונג“. ווען ער ווערט ענט־קרעפטעט און קען זיך אויף זיינע פיס ניט האלטען; דאן נעהמט ער אן מיט דער רעכטער האנד דיא פער־גאנגענהייט און מיט דער לינקער דיא צוקונפט און אין אזא פאזיציאן העננט ער אין לופטען צווישען עראינערונג און האפנונג.

עס פאסירט מאנכע מאל א קורצע צייט, א מאָ־מענט, ווען דער אונגליקליכער אלטער בערוהיגט זיך. דאן נעהמט ער מיט זיינע אויסגעמאטערטע הענט זיין שטיקעל טרוקענעם ברויט צו זיין מויל, און דעם קליינעם ביכעלע פערדרוקט ער הינטער זיך און דאן וועה ! דאן ווערט גרויס זיין אומגליק !....

פון אונטער דעם פעלזען פליסט ארוים א טייכע־לע, א מערקווירדיגעס טייכעלע וואס זעהט אוים אזוי וויא בעצויבערט: זילבערנע וועלען בעוועגען זיך און טראגען קליינע רוהיגע שיפעלאך מיט פערשיעדע־נע נעמען אונגעפעהר וויא: „ליעבע", „גנאדע", „גערעכטיגקייט", „הימלישעס קעניגרייך", „הייליגער גייסט" „דריי־איינינגקייט" און אזוי וויטער.

ארום דיעזען טייכעלע איז זעהר א שעהנע גע־גענד מיט גרויסע וועלדער; גרינע פעלדער וועלכע בעפוצען דיא ריעזיגע שטעדט פון דיא טויזענדער און מיליאנען מענשען וועלכע האבען זיך דארט בעזעצט און פיהרען זעהר א לוסטיגען לעבען. דער אלטער שטעהט אויף דעם שפיצינען פעלזען, זיינע אויגען זעהען אלעס, ער זעהט וויא זיי געניסען פון לעבען, באדען זיך אין לוקסוס, זינדיגען אהן אויפהער. בע־זונען זייערע פראכטפאלע קירכען. דיא גלעקער קלינ־גען, דיא גייסטליכע זינגען מיט פערשיעדענע צערע־מאניען, פערצייהען זייערע זינד און נעהמען זיך אן מיט מעהר מוטה און ענערגיע צו זינדיגען ווייטער מיט מעהר פרישקייט.

דער אלטער גיט א טיעפען זיפץ, נעהמט ארוים זיין קליין ספר׳ל דריקט איהם צו זיין הארץ, עפענט איהם אויף, קושט איהם, לעזט איהם מיט א טיעפען

שכמער׳ז, וויינט זיך גוט אויס בערוהיגט זיך, לעגט איהם אריין צוריק אין זיין זאק אן א זייט, נעהמט זיין שטיקעלע דארען ברויט צו שטילען זיין הונגער.

פלוצלונג פערוואלקענט זיך זיין הימעל מיט א שווארצע גרויזאמע פינסטערנים און שטיינער, אייזענס, שטיקער האלץ ווערען געשליידערט אויף איהם פון אלע זייטען. ער הערט דיא אומגעלומפערטע מערדערישע געשרייען פון א שיכור׳ע באנדע וועלכע שלאגט איהם אהן רחמנות; ער הערט דעם יאמער און געוויין פון זיינע קינדער און איינקלעך פון ארום־און־ארום וואו זיי זיינען צושפרייט געווארען אין פרעמדע געגענדען שוין ביינאהע צוויי טויזענד יאהר; ער זעהט וויא זיינע שעהנע, פרומע טעכטער ווערען ענטעהרט פון שמוציגע מערדער און נאכהער ווערען זיי געמאטערט. דיא אלטע און טרוקענע וואונדען פאנגען אן צו בלוטען; ער ווערט ענטקרעפטעט און פאלט אנידער וויא אן אונטערגעשניטענער בוים און א טויט קרעכץ רייסט זיך ארויס פון זיין פערבלוטיגטע הארץ....

* * *

„והיה כאשר ירים משה ידו וגבר ישראל !"

דער געפאלענער אלטער לעבט וויעדער אויף מיט

יונגע קרעפטע. ער גיט זיך פלוצלונג א הויב, דאן א שפרונג און כאפט וויעדער אן דיא פערגאנגענהייט מיט דער רעכטער האנד, און גלייך בעקומט ער דיא צוקונפט אין דער לינקער (ווייל דיא געגענוואַרט האט ער ניט) דיא עראינערונג פון דעם עבר ברייננגט איהם גלייך דיא האָפנונג פון דער עתיד און דאן פאנגען אן זיינע אויגען שיינען מיט א הייליגער בעגייסטערונג, ער קוקט זיך ארום, און מיט הימלישע געפיהלען נעהמט ער ארויס זיין קליין ספר'ל פון זיין זעקיל, דריקט איהם צום הארצען קושט איהם מיט זיינע פערשמאכטע ליפען, וויינט זיך אויס; עס ווערט איהם לייכטער און ער שטעלט זיך ווייטער אויף זיין פלאץ.

* * *

צווישען דעם אלטען'ס גרויסע מענגע שונאים געפינען זיך מאנכע אין וועלכע עס ערוועקען זיך מענשליכע געפיהלען און א פונק פון רחמנות שיינט אריין אין זייערע הערצער צוזעהענדיג דעם עלענדען'ס פינסטערע אונגליקליכע לאגע. זיי געהען צו איהם צו מיט גלאטע רייד און מיט פערגלאצטע אויגען צום הימעלריידען זיי צו איהם און בעטען זיך:

„אלטער אומגליקליכער! וויא לאנג ועסטו זיך

פלאגען ? ביז וויא לאנג וועסטו קענען עקזיסטירען
אהן א פעסטען באדען אונטער דיינע פיס ? פאלג
אונזער ראטה, גערה ארונטער פון דעם אלטען פעלזען,
מיר וועלען דיר געבען אונזער האנד ; מיר וועלען
דיך אויסבאדען אין דעם שעהנעם ריינעם טייכעלע ;
מיר וועלען ארום וואשען דיינע וואונדען ; דוא
וועסט ווערען פריש, יונג, גלייך מיט אונז ; מיר
וועלען דיך אריינזעצען אין דעם שיפעלע „דריי איינינ־
קייט", מיר וועלען דיך צונעהמען מיט דיין גאנצע
פאמיליע צו אונז און מיר וועלען אלע ווערען גליק־
ליך, אלטער וואנדערער ! האב מיטלייד אויף דיינע
קליינע אייניקלאך ! ביז וויא לאנג וועט איהר זיך
אזוי שרעקליך פלאגען ? !!"

אט אזעלכע מאנאלאגען הערט אויס דער אלטער
טאג איין טאג אויס און ער בלייבט שטעהען אויף זיין
ארט און קוקט מיט א שפאטישען בליק אויף זיינע
בעלי־עצות און „גוטע פריינד".

א היבשע צאהל פון זיינע קינדער און אייניקלאך
הערען זיך צו און פעראינטערעסירען זיך אין דיא
עצות און דיא מאנאלאגען, געהען ארונטער פון דעם
פעלזען, זעטצען זיך אריין אין דיא פערשיעדענע
שיפלאך „ליעבע", „בארמהערציגקייט", „הימלישעם
קעניגרייך" און „דריי־איינינקייט" און פאהרענדיג

איבער'ן טייכעלע שפריצען זיי זיך אָפּ, באָדען זיך אוים, און געהען אריין אלס מיטגליעדער אין דעם שונא'ס לאגער.

דער אלטער זעהט דאס אלעם צו און שמייכעלט און קוקט מיט פעראכטונג אויף דיעזע סצענע.

* * *

איך אלס איינער פון דעם אלטען'ס פאמיליע האב געפרעגט דעם אלטען צוויי פראגען: ערשטענס, ווארום הערט ער ניט דיעזען ראטה פון זיינע גוטע פריינד?" און צווייטענס: ווארום קוקט ער אזוי קאלט ווען זיינע אייניקלאך פערלאזען איהם און געהען אוועק אין דעם אנדערען לאגער?

„קום מיט מיר מיין קינד! זאגט צו מיר דער אלטער „קום וועל איך דיר ערקלעהרען, וועסטו אלעם פערשטעהען". ער נעהמט זיין שטעקען אין האנד, צעהלט אָפּ פיער הונדערט קארבען און געהט צו מיט מיר צו דעם טייכעלע; „דוא מיינסט, מיין קינד, אז דאס טייכעלע איז טאקע אזוי שעהן און רוהיג וויא דיר שיינט און דיא נעמען פון דיא שיפען וועל־כע שווימען דארט זיינען ריכטיגע און פון מיר איז בלויז אן עקשנות וואָס איך וויל מיך ניט ריין וואשען אין זיין ריינעם וואסער? ניין, מיין קינד,

דאָס איז ניט קיין וואַסער, דאָס איז מענשליכעס בלוט, און דאָס בלוט איז פון מיינע הייליגע קינדער וועלכע זיינען געמאַטערט און געמאָרדעט געוואָרען אויף קידוש השם״.

ער האָט גלייך אריינגעשטעקט דעם שטעקען איבער פיער הונדערט קאַרבען אין דעם טייך און האָט א מיש געטהאָן.

אָ גאָט, אלמעכטיגער ! וואָס פאַר אַ שרעקליכע סצענע איך האָב ערבליקט. שטראָמען בלוט, מאַרך מיט טרעהרען געמישט און מענשליכע קעפּ, הענד פיס און שטיקער קערפּער שווימען אין דיעזע שטראָ־מען ; שוואַרצע יעזואיטען רייסען שטיקער פלייש פון לעבעדיגע מענשען....

„גענוג ! גענוג אַלטער !״ האָב איך אַ געשריי געטהאָן און אַ קאַלטער שוויים האָט בעדעקט מיין גאַנצען קערפּער.

„יעצט, מיין קינד, פערשטעהסט דו שוין וואָ־רום איך וויל זיך ניט און קען זיך ניט באָדען און ריין וואַשען אין בלוט פון מיינע קינדער ?״

„און דיא צווייטע פראַגע וואָס דוא האָסט מיך געפרעגט, וואָרום איך בין גלייכגילטיג ווען מאַנכע פון מיינע קינדער געהען אַוועק אין דעם צווייטען לאַ־

גער : יא, מיין קינד, האָסטו וועז געזעהען וואס א גערטנער טהוט אין פריהלינגס צייט מיט דיא בוימער, ער שניידט ארום דיא פערפוילטע צווייגען ; ער טרויסעלט אָפּ דיא פערוועלקטע בלעטער אום זיי זאָ־לען ניט שטערען צו דיא ענטוויקלונג פון דעם בוים.

„איך פיהל מיין פריהלינג קומט אָן, און ווער ווייטער יונג, יעצט פאלט אראפּ, פאלט אראפּ פער־וועלקטע בלעטער מיט דיא אָפּגעבראכענע צווייגען !... איך לעב, איך פיהל נייעס לעבען, איך האָב איבער־געלעבט אזוי פיעל צרות און אומגליקען ; עס ווערט טאָג, עס פאנגט אָן צו שיינען אין מזרח זייט !“...

דער אלטער האָט זיך אויסגעגלייכט, און האָט אָנגענומען דעם זכרון אין דער רעכטער האנד און די תקוה אין דער לינקער האנד און שטעהט פעסט אין זיין פּאָזיציאָן. דיא פערוואנדלונג איז געווען מערק־ווירדיג : א ריעז איז פאר מיר ערשיענען !

„כאשר ירים משה ידו וגבר ישראל !“ „משה וישראל חד הוא“.

# בשלח

## אין משה'ס קבר ליגט דער סוד פון דער גאנצער אידישער נאציאן און איהרע שונאים.

„בז' באדר מת משה ובז' באדר נולד משה." (קדושין ל"ח).

„אין דעם זיעבענטען אדר איז משה געשטארבען און אין דעם זיעבענטען אדר איז משה געבארען געווא־רען" — אזוי לערענט אונז דער תלמוד און וויא זאנ־דערבאר איז דער אויסדרוק! א קינד זאגאר ווייס אויך אז פריהער ווערט א מענש געבארען און דאן שטארבט ער, היינט וויא קומט דער תלמוד צו עראי־נערען פריהער זיין טויט וויא זיין געבורט?

אבער אין דיעזע שילדערונג איז פערוויקעלט דיא גאנצע געהיימע קראפט פון דער אידישער נאציאן; דאס בעווייזט אז דיא עקזיסטענץ פון דעם פאלק ישראל האט ניט קיין ענדע. אין דעם זעלבען טאג וואס משה איז געשטארבען איז ער איבער א נייעס געבארען געווארען, דאס הייסט, זיין גייסט, זיין לעה־

רע, זיינע אידעאלען לעבען אימער און אייביג און ווען מיר דיינקען אז זיי זיינען שוין אין גאנצען טויט לעבען זיי ווייטער אויף נאר אויף דאס ניי.

דאס זעלבע איז מיט דעם יודענטהום, ווייל „משה וישראל חד הוא" אין דעם זעלבען טאג ווען מיר רעכענען אז מיר זיינען טויט, ווערען מיר צוריק געבארען, וויא דורך א געהיימע קראפט בעניייען מיר זיך מיט פרישע קרעפטען, מוטה, האפנונג און געדולד, און צו להכעיס אונזערע פיינדע, פייניגער און פער־פאלגער לעבען מיר ווייטער...

אזוי לערענט אונז אונזער געשיכטע:

„כששקעה שמשה של ארץ ישראל, זרחה שמשה של בבל; כששקעה שמשה של בבל, זרחה שמשה של פרס; כששקעה שמשה של פרס זרחה שמשה של יון; כששקעה שמשה של יון, זרחה שמשה של רומא; כששקעה שמשה של רומא זרחה שמשה של ספרד: כששקעה שמשה של ספרד זרחה שמשה של צרפת; כששקעה שמשה של צרפת, זרחה שמשה של אשכנז; כששקעה שמשה של אשכנז זרחה שמשה של פולאנא, וכשתשקע שמשה של פולאנא תזרח השמש בארצות הברית באמע־ריקא ומאמעריקא תזרח שנית בארץ ישראל.

דאס הייסט: ווען דיא אידישע זונן איז אונ־טערגעגאנגען אין ארץ ישראל איז זיא אויפגעגאנגען אין בבל; ווען זיא איז אין בבל פערדונקעלט געווא־רען איז זיא אויפגעגאנגען אין פערזיען; ווען זיא

איז אין פערזיען פינסטער געוואָרען האָט זיא אויפגע־שיינט אין גריכענלאנד, ווען זיא איז אין גריכענלאנד אונטערגעגאנגען צוזאמען מיט דעם לאנד, איז זיא נאָך רוים איבערגעגאנגען; ווען רוים איז אויך פערניכטעט געוואָרען האָט דיא אידישע זונן אין שפאניען אויפגע־שטראהלט; ווען מען האָט אונז פון שפאניען פער־יאָגט האָט אונזער זונן נאָך פראנקרייך איהרע שטראהלען געשיקט; און אזוי האָט זיא אימער ארומגעוואנדעלט זוכענדיג הכנסת אורחים מגוי אל גוי, פון פראנקרייך נאָך דייטשלאנד; פון דייטשלאנד נאָך פוילען, און פון פוילען געהט זיא ערשט איבער נאָך דיא פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא, אין וועלכע מיר האָבען געפונען א רוהיגען זיכערען אָרט אויסצורוהען אונזערע קראנקע ביינער; אין דיעזען פרייען גאָטגעבענשטען לאנד האָבען מיר איינ־געאטהעמט נייעס לעבען, נייע קרעפטען, מוטה, גע־דולד, ענערגיע, און האָפנונג, אז מיר וועלען זיך נאָך אומקעהרען מיט דער צייט צוריק נאָך אונזער אלטע הייליגע היימאטה, צוריק צו אונזער אלטעם לאנד וואו אונזער זונן האָט אָנגעפאנגען צו שיינען — נאָך ארץ ישראל! דען אין דעם זעלבען טאָג וואס מיר שטאר־בען ווערען מיר ניי געבאָרען, ווייל „משה וישראל חד הוא“. —

## ולא ידע איש את קבורתו.

שלחה מלכות לשאול, הראנו היכן משה קבור ? עמדו למעלה, נדמה להם למטה, למטה — נדמה להם למעלה נחלקו לשתי כתות ; אותן שעמדו למעלה נדמה להם למטה, ואותם שעמדו למטה נדמה להם למעלה. (סוטה ל"א).

זעהר א זיעגרייכעס און פאנטאסטישעס בילד שטעלט אונז דער תלמוד פאר מיט דיא ווערטער: ווען משה איז געשטארבען האט דיא רעגיערונג געשיקט פרעגען דיא יעניגע וועלכע האבען געוואהנט אויף יענעם בארג אז זיי זאלען צייגען דעם ארט וואו משה איז בעערדיגט. ווען זיי זיינען ארויף אויף דעם בארג אין דער הויך, האט זיך זיי גערדאכט אז אונטען איז משה געקומען צו קבר ישראל ; ווען זיי זיינען ארונ־טער געגאנגען אונטען, האט זיך זיי גערדאכט אז אויבען אין דער הויך איז משה'ס קבר, דאן האבען זיי זיך צוטהיילט אויף צוויי כתות, אבער דיא יעניגע וועלכע זיינען ארויף אין דער הויך האט זיך גערדאכט, אז זיי זעהען דעם קבר אונטען, און דיא יעניגע וועלכע זיי־נען געבליעבען שטעהן אונטען האבען געגלויבט אז זיי זעהען דעם קבר אין דער הויך...

איך האב דיעזע מערקווירדיגע פארשטעלונג ניט בעגריפען, ביז א געוויסער צופאל האט מיר געעפענט דיא אויגען צו פערשטעהען דעם טיעפען זינן, וועלכע

ליעגט בעהאלטען אין דער גייסטרייכער שילדערונג.

פאָהרענדיג אמאָל אין רוסלאנד אין א באהן, איז מיר אויסגעקומען צו זיצען צוזאמען מיט צוויי פאָר־נעהמע קריסטען: איינער איז געוועזן א דירעקטאָר פון א רוסישען גימנאזיום, א געבילדעטער, טאָלעראנ־טער מענש; דער צווייטער איז געוועזן א רוסישער פּאָפּ, א פינסטערער גייסטליכער מיט א העסליכער געשטאלט און פאָהרענדיג מיט זיי צוזאמען אין איין וואגאָן, האָב איך געהערט וויא זיי האָבען צווישען זיך געפיהרט פאָלגענדען געשפּרעך:

„איהר מוזט עס וויסען באטיושקא!“ האָט דער דירעקטאָר געזאָגט צום פּאָפּ „אז דער יונגער אידי־שער דור איז גאָר אנדערש וויא דער אלטער. איך אלס דירעקטאָר פון גימנאזיום קען איך עס בעשטע־טיגען“.

„מיט וואָס איז ער אנדערש?“ האָט דער פּאָפּ געפרעגט מיט א פינסטערע מינע.

„דערמיט“, האָט דער דירעקטאָר ערענסט גע־ענטפערט, „וואָס זיי זיינען פלייסיגע, פעהיגע, רוהיגע יונגע לייט. איך האָב מיך גענוג איבערציינט אז זיי מאכען פיעל בעסערע פאָרטשריטע וויא אונזערע קריסטליכע קינדער; איך בין דעריבער אין דער מיי־

נונג, אז מיט דער יונגער גענעראציאָן וואָלטען מיר זיך געקענט לייכט צופריעדען שטעלען, און עס וואָלט איבערהויפּט קיין יודענפראגע ניט געהארפט עקזי־סטירען... דאָס אונגליק איז נאָר מיט דיא פאנא־טישע אידען פון דער אלטער וועלט: זיי האלטען זיך נאָך אָן זייערע אלטע זיטען, מיט זייערע פערשי־מעלטע מאניערען, זיי פערהייליגען נאָך זייערע אלטע טראדיציאָנען, לעבען אָפּגעזונדערט פון אלע פעלקער, און לאָזען ניט צו זיך קיין שטראהלען פון דיא איי־ראָפּעאישע ציוויליזאציאָן; וועהרענד דער יונגער דור האָט זיך גאנץ אנדערש ענטוויקעלט, דער פאנאטיזמוס פון זייערע עלטערען איז שוין ביי זיי לאנג פערשוואונדען".

„אומגעקעהרט, מיין העררר!" האָט דער שוואר־צער גייסטליכער מיט א פערדריסליכע מינע ערוויע־דערט, „איך מוז פּראָטעסטירען געגען אייער מיינונג, איך בין גראדע דאָס געגענטהייל איבערצייגט: דיא יודענפראגע פאנגט ערשט אָן ביי דעם יונגען דור; דיא אידען פון דער אלטער וועלט זיינען רעליגיעז, גאָטספאָרכטיגע, רוהיגע מענשען, און פון זיי קען קיין בעזעס געשעהען. גאנץ אנדערס איז עס אָבער מיט דעם יונגען דור, זיי זיינען אלע אטהעאיסטען, אנאר־כיסטען, ניהיליסטען, זיי פערגיפטען אונזערע קינדער,

זיי ערוועקען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט, און גראָ־בען אונטער דיא היילינע פראוואָסלאוונע קירכע. און וועמען האָבען מיר עס צו פערדאנקען ווען ניט דער יונגער אידישער גענעראציאָן ? !"

הערענדיג דיא פערשיעדענע מיינונגען פון דעם אויפגעקלעהרטען דירעקטאָר און פינסטערען פּאָפּ אין זייער געשפּרעך, איז מיר ניט ווילענדיג ארויף אויף מיינע געדאנקען דיא פראגע: „היכן קבור ישראל ?" (ווייל משה וישראל חד הוא) וואו איז ישראל'ס קבר ? „עמדו למעלה נדמה להם למטה, עמדו למטה נדמה להם למעלה, נחלקו לשתי כתות אותן שעמדו למעלה נדמה להם למטה, ואותן שעמדו למטה נדמה להם למעלה", דאָס הייסט אַלזאָ, ישראל איז בעגראָבען נאָר מען ווייסט ניט וואו זיין קבר איז.

אונזערע שונאים צוטהיילען זיך אין זייערע מיי־נונגען, דיא יעניגע וועלכע שטעהען אין דער הויך, דיא פאָרשטעהער פון דער ציוויליזאציאָן גלויבען אז ישראל'ס קבר ליעגט אונטען ביי דעם אלטען דור, וועלכער האלט זיך פעסט אן זיינע טראדיציאָנען, און דיא וועלכע שטעהען פון אונטען, דיא פינסטערע גייסטליכע וועלכע גראָבען אונטער דיא פרייהייט און פערשקלאפען דיא מענשהייט זעהען ישראל'ס קבר

אויבען אין דעם יונגען דור.

מאנכע פון אונזערע שונאים זעהען אונזער קבר אין אונזערע קבצנים, וועלכע מיר האָבען געליפערט אין גלות, און אנדערע זעהען דעם קבר אין דער הויך ביי דיא איינינע מיליאָנערען אונזערע וועלכע שטעהען זיי וויא ביינער אין האלז.

דער רעזולטאט איז ענדליך אז א קבר איז דאָ נאָר מען וויים ניט וואו; אזוי וויא ביי משה׳ן, וויל „משה וישראל חד הוא“.

דיא ציוניסטישע אידעע שרייט צו אונז ישעיה׳ס ווערטער: יחיו מתיך, הקיצו ורננו שוכני עפר! — ווערט איהר לעבעדיג, איהר וועלכע ליעגט אין היהנער פלעט, וואָס זיינען פערדעקט מיט דעם שטויב פון טויט — ערוואכט, און דאַן וועלען מיר זעהען ישראל׳ס אונשטערבליכע מאכט!



# יתרו

## משה׳ס לעבענסבוך פון וויעגעלע ביזן קבר.

עפילאג צו דיא פריהעריגע 4 דרשות וועגען משה רבנו.

### א.

דעם מענשענס לעבען איז פערגליכען צו א בוך; דאס וויגעלע און דער קבר זיינען די טאוולען, די יאה־רען פון׳ם מענשענס לעבען זיינען קאפיטלען און דיא טעג — בלעטער.

ניט אלע ביכער זיינען גלייך; מאנכע זיינען רייך אין כמות (קוואנטיטעט) און ארים אין איכות (קוואליטעט), זיי האבען א סך בלעטער, פיעל פאפיער, אבער וועניג אינהאלט. אנדערע, דיא בעסערע, זיינען קליין אין כמות, אבער אין איכות גרויס. זעהר וועניג ביכער זיינען דא וואס האבען ביידע מעלות — גרויס אין כמות און רייך אין איכות.

דאס זעלבע איז מיט דיא מענשען. זעהר וועניג מענשען האבען דיא זכיה געהאט זייער לעבען זאל

זיין לאנג און אינהאלטס־רייך מיט מעשים טובים.

זעהר גרויס אין צאהל זיינען דיא מענשען וואס זייער גאנצעס לעבען קען פערגליכען ווערען צו א בוך אנגעפילט מיט דורכאויס ליידיגע, גלאטע בלעטער אהן דאס מינדעסטע אינהאלט : געגעסען, געטרונ־גען געשלאפען — ויולד בנים ובנות וימת — אבגע־לעבט דיא יאהרען וויא א חיה. — דאס הייסט א פוסטער בוך וואס איז אין איהם גאר ניט אנגעשריע־בען, עס פערנעהמט בלויז אן אומזיסטען ארט, עס ברייגגט קיינעם קיין נוצען.

עס איז אבער אויך דא א סארט ביכער וואס זיינען רייך אין אינהאלט, אבער דער אינהאלט איז א געפעהרליכער, פול מיט גיפט, סם המות, זיי פער־אורזאכען נור שאדען, זיי פערגיפטען זייערע לעזער, זיי מאכען זיי פאר גייסטיגע קריפעלס.

דאס זעלבע איז מיט דיא שלעכטע מענשען וועל־מענס לעבען איז אינהאלטס־רייך, אבער וואס פאר אן אינהאלט ! דורכאויס מעשים תעתועים, בייזע טהא־טען וואס מאכען אומגליקליך זייערע מיטמענשען, מחריבי עולמות זייער גאנצען לעבען.

פאטיש האבען אונזערע חכמי התלמוד געשיל־דערט אין „פרקי אבות“ דיעזען גרייסען געדאנק אין

איינינע ווערטער : „הפנקס פתוח, היד כותבת וכל מעשיך בספר נכתבים“. דאס הייסט, דאס גאנצעס לעבען איז אן אפענער בוך, דיין האנד האלט אין שריי־בען און אלע דיינע מעשים ווערען אין בוך פער־שריעבען.

גוט איז דעם מענשען וועמענס לעבענס־בוך איז א נארמאלער, זיינע קאפיטלאך — דיא יאהרען — זיינען אינהאלטס־רייך ; זיינע אלע בלעטער — דיא טעג — זיינען פול פערשריעבען מיט גוטע, אינטערע־סאנטע מעשים, אפען פאר אלעמען צו לעזען.

וועה איז אבער צו דעם מענשען וועמענס לע־בענס־בוך איז ניט אין ארדנונג : מאנכע פרקים פער־שמוצט און גאנצע בלעטער פערשמירט מיט מעשים רעים.

געוועהנליך זיינען אין יעדען בוך דיא פאר בלע־טער נעבען דיא טאוולען, ביים אנפאנג בוך און ביים ענדע בלאנק, ליידיג, עס איז אויף זיי גאר ניט אנגע־שריעבען. ריכטיג אזוי איז מיט אונז מענשען, אונ־זערע ערשטע קינדער יאהרען זיינען פאדער־בלעטער, ליידיג, מיר האבען גאר ניט אויפגעטהאן, און אזוי איז ביי פיעלע בלאנק דיא לעצטע בלעטער פון זייער לעבענס־בוך. גענוג גרויס איז דער מענש אז זיין

מיטען בוך איז גוט אויסגעפילט, עס איז ניט ליידיג און אויך ניט פערשמוצט.

אין אלע ביאגראפיען פון דער וועלט׳ס גרויסע מענשען זיינען געוועהנליך גאר דיא ערשטע צייט פון זייער לעבען דורכגעלאזען, ווייל עס איז ניטא פון זיי וואס צו שרייבען.

אבער אנדערס, גאר אנדערס איז מיט אונזער געטליכען געזעץ־געבער משה רבנו. זיין ביאגראפיע, זיין לעבענס געשיכטע פאנגט זיך אן ניט נור פון אנ־פאנג, ניט אפילו פון דעם ערשטען טאוועל, נור דיא תורה פאנגט אן משה׳ס ביאגראפיע נאך פאר׳ן ערש־טען טאוועל פון זיין לעבענס־בוך, דאס הייסט איידער ער איז נאך געבארען געווארען, נאך פון דעם טאג אין וועלכען זיינע עלטערן, עמרם און יוכבד האבען זיך פעראייניגט און געווארען מאן און ווייב. און די תורה ענדיגט צו דערציילען פון משה׳ס לעבען מיט׳ן לעצטען טאפעל — ביז זיין לעצטען אטהעם־צוג און פיהרט איהם צו צו זיין געהיימניספאלען קבר. זיין גאנצער לעבענס־בוך איז דורכאויס אנגעפילט מיט בריליאנטען וויא א קעניגליכע קרוין, עס איז ניטא קיין איין בלאנק.

---

אין אונזער תורה איז ניטא קיין איין איבריגע זילבע. יעדער בוכשטאב איז געוואויגען און יעדעס

ווארט איז געמאסטען, וויא קומט עס אלזא, ווען דיא תורה פאנגט אן צו דערצעהלען משה׳ס ביאגראפיע ער־קלעהרט זיא אונז מיט דיא ווערטער:

„וילך איש מבית לוי ויקח את בת לוי ותהר האשה ותלד בן“.

אין איבערזעצונג לויטעט עס אזוי: „עס איז געגאנגען א מאן פון לוי׳ס פאמיליע און האט גענומען לוי׳ס טאכטער און דיא פרוי איז שוואנגער געווארען און זיא האט געבארען א זוהן“.

ווארום האט אייגענטליך דיא תורה אזוי פיעל גע־שריעבען וועגען דעם? וואלט דען ניט גענוג געווע־זען ווען מיר זאלען וויסען אז משה׳ס פאטער האט געהייסען עמרם, און זיין מוטער — יוכבד? דאס איז ווערטה צו בעטראכטען און נעהנטער שטודירען.

ווען דיא תורה שילדערט דעם טוידט פון דעם געטליכען מאן, ערצעהלט זיא אונז דערביי:

„ולא ידע איש את קבורתו עד היום הזה“.

דאס הייסט: קיינער האט ניט געוואוסט וואו עס געפינט זיך זיין גראב ביז היינטיגען טאג.

ניט ווילענדיג שטעלט זיך אונז דיא פראגע, צו וואס האט עס אייגענטליך גאט געמאכט, אז מען

זאָל ניט וויסען דעם אָרט אין וועלכען עס רוהט דער קערפּער פון דעם הייליגען געטליכען מאַן ? וואָלט ניט געוועזען פיעל בעסער פאַר אונז אידען ווען מיר וואָלטען גראַדע יאָ געוואוסט, דעם ריכטיגען אָרט וואו אונזער געטליכער רועה נאמן רוהט ? מיר וואָלטען דאָן דעם הייליגען קבר עפּטער געקענט בעזוכען, אויס־גיסען אונזערע הערצער אויף דיא הייליגע ערד, און איהם מאַכען פאַר אַ קוריער פון אונז צום בורא.

דיא צוויי פראַגען וועגען משה׳ס געבורט, און וועגען זיין גראָב, קענען מיר פערשטעהען אונטער פאָלגענדע ערקלעהרונג :

מען דאַרף נור נעהמען אין אַנבעטראַכט דיא היסטאָרישע לעגענדע, וועלכע דערצעהלט אונז פון דער געבורט און פון דעם טויט פון דעם זאָגענאַנטען צווייטען געזעצגעבער, דער יונגער איסי פון דער שטעדטיל נצרת, אין וועלכענס נאָמען מענשען האָ־בען אויפגעבויט דיא שטאַרקסטע רעליגיאָן אויף דער וועלט, דיא רעליגיאָן וועלכע האָט פערקערפּערט גאָט אין אַ מענשען און אַ מענשען אין גאָט און טראָטץ איהר פאַבעלהאַפטען און לעגענדאַרישען פונדאַמענט האָט זיא אין פערלויף פון איהר עקסיסטענץ, ערוואָר־בען אַ געוואַלטיגע צאָהל גלויביגער אויף דער וועלט ; דער פינסטערער אַבער־גלויבען האָט בעזיעגט דיא

רײנע פערנונפט, און די פאלגען זײנען היסטאָריש בעקאנט.

דאס יודענטהום אָבער, װעלכעס האָט צום ערש־טען פראדוצירט די לעהרע פון מאָנאָטהעאיזמוס (אחדות הבורא) איז זעהר װײט געװעזען פון נארישע אומגלויבליכע לעגענדען װעלכע פערקערפערן די גאָט־הײט און פערגעטערען שטערבליכע מענשען אום צו בעשאפען א מין בריאה פון האלב־גאָט און האלב־מענש, א ילוד אשה װעלכער איז געשטאָרבען און לעבט אײביג. אזא מין בעשעפניש קען דאס יודענ־טהום ניט פראדוצירען און קען דאס אויך ניט דולדען.

אונזער הײליגע תורה װעלכע האָט געװאָלט אײנ־פלאנצען אין אונז דעם רײנעם גלויבען אין אײן בורא, האָט עס פאראױס געזעהען און בעזארגט, און אום אי־דען זאָלען ניט פערגעטערען דעם הײליגען געזעצגעבער, אום מען זאָל ניט גלויבען, אז ער איז געבארען געװא־רען אנדערש װיא אלע איבעריגע מענשען, דערצעהלט אונז די תורה מיט דײטליכע פערשטענדליכע װער־טער:

„וילך איש מבית לוי, ויקח את בת לוי, ותהר האשה ותלד בן“.

„עס איז געגאנגען א מאן פון לוי׳ס פאמיליע,

און האָט גענומען לוי'ס טאָכטער, און דיא פרוי איז שוואַנגער געוואָרען און זיא האָט געבאָרען אַ זוהן".

דאָס איז אָפען און דייטליך ערקלעהרט, אַז דער ערהאַבענער אונפערגעסליכער לעהרער איז געבאָרען געוואָרען פון צוויי גלייכע מענשען אויף אַ גאַנץ נאַטירליכען אופן.

און נאָר ווען ער האָט געלעבט איז ער געווען גרויס און הייליג ביי זיין נאַציאָן, קוים אָבער האָט ער וויא אַלע שטערבליכע מענשען געשלאָסען זיינע אויגען אויף אייביג, האָט זיין טויטער קערפּער פערלוירען יעדע הייליגקייט און לויט נאָך דעם אידישען דין איז אַ קליין שטיקעלע ביינדעלע, גרויס וויא אַ לינדז (עצם כעדשה) מטמא במגע ומשא ווייל דאָס לעבעדיגע יודענטהום פערגעטערט ניט קיין טויטע.

און אום מען זאָל ניט פערגעטערען דעם קבר, ווי עס איז דער פאַל געווען ביי אַנדערע געזעצגעבער פיר וועלכע דער פינסטערער אַבערגלויבען האָט מקריב געווען אונצעהליגע אָפּפער. אך, וויא שוידערהאַפט און גרוידזאַם איז צו לעזען דיא געשיכטע פון דעם בעוואוס־טען קבר אין וועלכען דיא נאַרישע לעגענדע האָט בעגראָבען דעם מענש־גאָט, דער פעראורטהיילטער פון דיא רומים, דעם סטאָליער'ס זוהן פון דעם שטעדטעל נצרת.

געגנוג איז פאר אונז ווען מיר ערא־ינערען דעם שרעקליכען היסטאָרישען נאָמען „מסע הצלב“ דיא „קרייצציגע“ פון דעם מיטעל־אלטער וועלכער האָט פערגאָסען ימים מענשליכע בלוט אָהן אויפהער און עס גיסט נאָך עד היום ווען עס קומט דער אבערגלויבישער טאָג פון „תחית המת“ אין אונזער פסח צייט. יעדעס יאהר ווערט א צוזאמענשטוים פון דיא פערשיעדענע רעליגיעזע סעקטען, יעדע פון זיי האָט פרעטענזיעס, אז זיא איז דיא וואהרע גלויביגע, און נאָר זיא האָט דאס רעכט צו בעזוכען דעם גראב, אין דיעזען טאָג קומען זיך צוזאמען יאהר איין יאהר אויס, דיא הויפט דריי צווייגען פון דיעזער גאָט־שטערבליכער רעליגיאָן : דיא רוימיש־קאטוילישע, גריכיש־קאטוילישע, און די פראטעסטאנטישע. דער העלישער פייער פון פאנאטיזמוס צינדט זיך אָן אין זייערע גייסטליכע און עס ברעכט אויס א שרעקליכע בלוט פערגיסונג ביים ארייננאנג פון דעם קבר, ביז דער פעטער ישמעאל שיקט צו זיינע מיליטער און מאכט ארדנונג.

גאָט ווייס וויפיעל בלוט ועט נאָך פערגאסען ווערען צוליעב דיעזען קבר ! סנחרב, נבוכדנצר, נבוזראדאן, אלכסנדר, הורדוס, טיטוס, נירון, גראזני און נאפאָליאן מיט נאָך פיעלע היסטאָרישע מלאכי חבלה — אלע צוזאמען האָבען ניט פערגאסען אזוי

פיעל מענשליכע בלוט וויא דער בלוטיגער קבר.

אום צו פערמיידען דיעזען אומגליק, און אום עס זאל זיך ניט פערברייטען א פינסטערער אבערגלויבען האט דיא תורה אבזיכטליך געשריעבען, אז משה'ס גראב איז ניט בעוואוסט, דאס הייסט, אז דער אדון כל הנביאים איז נור הייליג אלס מחוקק. אלס טרייער גוטער הירט פון זיין פאלק ער איז אבער געוועזן א שטערבליכער מענש וויא יעדער בשר ודם, און מיט געשטארבענע האט דאס לעבעדיגע יודענטהום ניט צו טהאן !...

* * *

א, וויא קליין, וויא ניעדעריג, וויא אונבעדייטענד ביסט דוא גרויסער בארג סיני געגען דעם גרויסען ערהאבענעם מאן, וועלכער איז אויף דיר געשטאנען ! דיין באדען איז הייליג געווארען פון דיא טריט פון דעם פאטער פון דיא נביאים !

פון דעם הייליגען און טרייען הירט פון זיין פאלק, פון דעם גרעסטען גערעכטען געזעטצגעבער פון דעם געטליכען מאן מ ש ה ב ן ע מ ר ם !......

# משפטים

## דיא בעדייטונג פין פרייהייט לויט תורת משה אין פערגלייך מיט דיא רציחות וואס דיא אומות־העולם־ „ציוויליזאציאן" האט געלערנט.

„כי תקנה עבד עברי שש שנים יעבוד ובשביעית יצא לחפשי חנם". שמות כ"א.
כל הקונה עבד עברי כאלו קונה אדון לעצמו. קדושין כ'.

שרעקליך און טרויעריג איז דיא ארמוטה, אומגליקליך איז דער ארימאן, פינסטער איז זיין מזל, אבער נאך שרעקליכער און ביטערער איז דיא לאגע פון דעם ארימען ערפינדער וועלכער האט מיט זיינע גרויסע פעהיגקייטען ענטדעקט א גרויסע ערפינדונג, נאר ווייל ער איז ארים האט ער געמוזט איבערגעבען זיין ערפינדונג אין פרעמדע הענד. זיי זיינען גליקליך געווארען און וואקסען יעדען טאג און דער עלענדער ערפינדער זעהט זיין גליק און רייכטהום ביי דיא פרעמדע. זיין הארץ וויטאג בעטראכטענדיג זיין אומגליקליכען שיקזאל פערפינסטערט איהם דאס לעבען.

שרעקליך און גרויזאם זיינען דיא גייסטיגע שמערצען פון ריעזען עלענדען פעהיגען ערפינדער!....

ווער איז דער ערשטער וועלכער האט פראקלאמירט פרייהייט פאר דער גאנצער וועלט? ווער איז דער יעניגער וואס האט פראטעסטירט געגען שקלאפעריי, און האט געגעבען גלייכע רעכטע צו אלע בירגער פון זיין לאנד, אהן אויסנאהמע פון איינגענע אדער פרעמדע? ווער איז דער פערפאסער פון דעם הייליגען אויסרוף וואס איז אויסגעקריצט אויף דעם „פרייהייטס-גלאק" (ליבערטי בעלל) וועלכער הייננט אין דעם היסטארישען זאל אין פילאדעלפיא: „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה?"

ווער איז ער אויב ניט דער אלטער ארימער ערפינדער, דער אוראלטער פרייהייטס קעמפפער, ישראל סבא?!

און יעצט?

יעצט איז זיין לאגע טרויעריג, זיין שטאנד ערניעדריגט, צושפרייט און צוזייט אין אלע לענדער איבער דעם גאנצען ערד-באלל; פערשקלאפט און אונטערדריקט אונטער אלע נאציאנען; געשלאגען און געפייניגט פון אלע ניעדעריגע ברואים, פערהאסט און פעריאגט פון ווילדע בארבארען; זיינע אויגען זעהען

וויא זיינע שונאים בענוצען זיך מיט זיין ערפינדונג; זיינע אויערען הערען זיין לעהרע פון פרעמדע מיילער און ער זעלבסט ווערט געטראמפעלט אונטער די פיס פוןווילדע חיות אין מענשען-געשטאלט אהן רחמנות.

„העבד ישראל אם יליד בית הוא? מדוע היה לבז?!"

„איז ער דען א שקלאף ישראל אדער א פרעמד-לינג? ווארום איז ער צו שאנד איבעראלל?"

דיעזע טרויעריגע ווערטער האט אויסגעשריען מיט טויזענדער יאהר צוריק איינער פון ישראל'ס בע-סטע קינדער, דער פראפעט און כהן ירמיה, ווען ער האט בייגעוואהנט דאס טרויערריגע בילד וויא דאס ליכט וואס האט בעלייכטעט די וועלט איז פינסטער געווארען.

דיא גריכען וועלכע זיינען גערעכענט אין דער וועלט-געשיכטע פיר דיא ציוויליזירטעסטע און דיא קולטיווירטעסטע פון אלע אלטע נאציאנען, האבען גע-פייניגט און בעשטראפט זייערע קנעכט און דיענער מיט שרעקליכע ענויים און יסורים וועלכע זיינען אונ-בעשרייבליך. פלאטאן און אריסטאטעלעס, זייערע גרויסע פילאזאפען, האבען מסכים געווען צו דיא מעשים תעתועים.

דיא רוימער האבען געהאט דאס גרעסטע פער-

גענײגען צו געהן אויף מענשען יאגד אזוי וויא אויף חיות; זיי האבען זיי געפאנגען און פערשקלאפט אויף אייביג.

טיטוס „דיא קרוין פון דיא מענשהייט" און דער מלאך המות פון יהודה, האט אויך געקליעבען נחת און פערגעניגען פון דעם ווילדען מערדערישען מענשען־יאגד. זייערע נאבעלע אדעל־לייט האבען זיך לוסטיג געמאכט איבער זייערע אומגליקליכע שקלאפען אוועק־געבענדיג זייערע לעבעדיגע קערפערם צו דיא קראקא־דילען און צו זעהן וויא זיי ווערען אויפגעפרעסען פון דיא ווילדע בעסטיעם לעבעדיגערהייט. דער רוימער, ווען ער האט בעגאנגען א גרויסען פערברעכען און ער האט מורא געהאט, אז זיין שקלאף זאל ניט דערצעהלען איבער דיעזען פערברעכען פאר דיא ריכטער, האט ער גלייך געפונען א מיטעל צו דעם און גאר א גאנץ לייב־טען: ער פלעגט אויסשניידען דיא צונג פון דעם שקלאף, דאן פלעגט ער זיין זיכער אז דער שקלאף וועט שוין ניט ארויסגעבען זיין געהיימניס און ער האט זיך גאנץ פיין בערוהיגט אום ער זאל קענען זינדיגען אויף'ן נייעם חשבון.

דיא אלטע שקלאפען וועלכע האבען מעהר קיי־נע קרעפטען געהאט צו ארבייטען, האבען דיא רעמישע אדעל־לייט ניט געלאזען שטארבען מיט זייער אייגע־

נעם טויט, נור זיי פלעגען זיי אריינוואָרפען אין טהיער־גארטענס און געהאט גרויס פערגעניגען וויא דיא לייבען מיט דיא לעאָפּאַרדען פלעגען זיי צורייסען, און צו קנאַקען זייערע ביינער. דיא אריסטאָקראַטישע מטרנות פון רוים ווען זיי האָבען געוואָרפען אן אומרחן אויף וועלכען שקלאף פלעגען זיי קרייציגען דיא עלענדע, זיי צושלאָגען לעבעדיגערהייט צו א קרייץ, דיא הענט צושפּרייט און דיא פיס צוזאמען געלייגט און דורכגעלעכערט מיט לאנגע נעגעל און מיט גרויס פערגעניגען האָבען זיי צוגעקוקט וויא דיא אומגליקליכע צאפּלען זיך ביז זיי האָבען זייער נשמה אויסגעהויכט.

יעצט לאָמיר מאכען א פערגלייך וויא אונזער תורה בעהאנדעלט דיא שקלאפען:

„וכי יכה איש את עבדו, או את אמתו בשבט ומת תחת ידו נקם ינקם".

„ווען איינער וועט שלאָגען זיין קנעכט אָדער זיין דיענסט און ער אָדער זיא וועט שטארבען אונטער זיין האנד מוז מען זיך מיט איהם אָפּרעכענען".

קומט דער תלמוד און קאָמענטירט איבער דעם וואָרט „נקם", אז דאָס הייסט „בחרב נוקמת" דאָס מיינט „בסיף" טויטען מיט א שווערד".

„כי יכה איש את עין עבדו או את עין אמתו ושחתה, לחפשי ישלחנו תחת עינו ואם שן עבדו או שן אמתו יפיל לחפשי ישלחנו תחת שנו".

ווען איינער וועט אויסשלאָגען אן אויג פון זיין קנעכט אָדער פון זיין דיענסט און ער וועט איהר פער־דארבען, דאן מוז ער איהם פריי ארויסלאָזען און דאָס זעלבע איז מיט א צאָהן.

"שש שנים יעבוד, שומע אני כל עבודה במשמע? ת"ל לא תעבוד בו עבודת עבד, מכאן אמרו: לא ירחץ לו רגליו ולא ינעול לו סנדליו וכל הקונה עבד עברי כאלו קונה ארון לעצמו". ילקוט שי"א.

„זעקס יאָהר זאָל ער דיענען" וואָלטען מיר מיי־נען אז ער ברויכט צו טאָהן אלע סאָרט ארבייט, האָט אונז דיא תורה אָנגעזאָגט: דו זאָלסט איהם ניט לאָ־זען ארבייטען שקלאפען ארבייט דאָס מיינט ער זאָל איהם ניט וואשען זיינע פיס, ער זאָל איהם ניט אָנ־טאָהן זיינע שיך און נאָך אזעלכע נידעריגע ארבייט ווייל ווער עס קויפט א אידישען קנעכט איז גלייך וויא ער קויפט א הערר אויף זיך".

לויט דעם אידישען דין האָט דער שקלאף געהאט דאָס רעכט צובעפרייען זיך אימער פון זיין שקלאפעריי ווען ער האָט נאָר געהאט מוטה צו ענטלויפען פון זיין הערר, און קיינער האָט איהם ניט געקענט פערהאלטען,

און איבערגעבען צוריק צו זיין הערר ווייל דיא תורה האט דאס שטריינג פערבאטען:

„לא תסגיר עבד אל אדוניו אשר ינצל אליך מעם אדוניו, עמך ישב בקרבך במקום אשר יבחר באחד שעריך בטוב לו לא תוננו". דברים כ"ד.

„דו זאלסט ניט איבערגעבען א קנעכט צו זיין הערר, ווען ער וועט אנטלויפען פון איהם, מיט דיר זאל ער זיצען צוזאמען אין דעם ארט אין וועלכען ער וועט זיך אויסוויילען אין איינע פון דיינע שטעדט וואו עס וועט איהם געפעלען און דו זאלסט איהם ניט נארען".

דיא גריכען און דיא רעמער האבען ניט געגעבען קיינע רעכטע צו פרעמדע איינוואהנער אין זייער לאנד און זיי האבען זיי גערופען מיט דעם נאמען בארבארען, און אין ציצעראס צייט האבען דיא געזעץ געבער גע־וואלט מאכען א געזעץ ארויסצוטרייבען אלע פרעמדע פון זייער לאנד און אין אונזער תורה שטעהט גע־שריעבען.

„וגר לא תונה ולא תלחצנו, כי גרים הייתם בארץ מצרים" „און א פרעמדען זאלסט דו ניט נארען און ניט דריקען ווייל איהר אליין זייט געווען פרעמדע אין מצרים".

פלאטאן, דער גרויסער גריעכישער פילאזאף אין זיין בעריהמטען בוך „רעפובליק" לייגט פאר א פלאן פיר דער רעגיערונג, אז זיא זאל ארויסטרייבען אלע ארימע לייט, „אום זיא זאל רייניגען דיא לאנד פון דיעזע חיות" (עניפעלס), און אויב דער ארימאן ווערט קראנק, לערענט דער גריכישער פילאזאף, זאל איהם דיא רעגיערונג לאזען שטארבען און זיא זאל איהם ניט היילען".

און אונזער תורה לערנט אונז אז דיא הויפט פרינציפען פון יודענטהום איז צו העלפען דיא ארימע, צו שטיצען זיי מיט אלע מעגליכקייט און צו פער־בעסערען זייער לאגע און דאס אלעס איז ניט קיין חסד נור א חוב, א פליכט אויף יעדער אידען.

שוין באלד 4 טויזענד יאהר אז מיר האלטען אין איין לערנען דיא גאנצע וועלט דיא טהעאריע פון פריי־הייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט.

און מיר אליין ?

מיר זיינען פרעמדע און שקלאפען צוזאמען, און נאך היינט ווערען מיר געטריעבען פון איין לאנד אין דער צווייטער אהן רחמנות.

וויא ריכטיג האט זיך דער גרויסער אידיש־דייי־טשער שרייבער בערנע אויסגעדריקט מיט א סארקאס־

טישע בייסענדע סאטירע מיט דיא ווערטער: „צום ווייניגסטען גיט אונז דאס רעכט פון דיא הינט מיט דיא קעץ צו אטהעמען לופט איבעראל און צו נעב־טיגען וויא מיר ווילען!" דיא טהיערע (ענימעלס) האבען מעהרער רעכט פון אונז אין דיא זאגענאנטע ציי־וויליזירטע לענדער.

אלכסנדר דער צווייטער דער בעסטער מאנארך פון רוסלאנד, דער איינציגער גוטער מענש פון דער פאמיליע ראמאנאוו האט בעפרייט זיינע דרייצעהן מיליאן שקלאפען (פאנשציניקעס) פון דיא בארבא־רישע פריצים אין 1862, און דער אונשטערבליכער פרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען אברהם לינקאלן האט בעפרייט דיא שווארצע שקלאפען אין 1863, און דער אידישער פראפעט ירמיהו האט פער־זאגט מיט צוויי טויזענד יאהר בעפאר: „לשלח איש את עבדו ואיש את שפחתו העברי והעבריה חפשים לבלתי עבד בם ביהודי אחיהו איש" דאס הייסט: „יעדער פון אייך זאל בעפרייען זיין קנעכט אדער זיין דיענסט, און עס זאל זיך ניט דערוועגען קיין איד צו פערשקלאפען זיין ברודער".

אה, בארבארען פון דעם צוואנציגסטען יאהרהונ־דערט, רעספעקט פיר דער סדרה משפטים!....

רעספעקט פיר דעם אָרימען ערפינדער פון פריי־
הייט....



# תרומה

**דיא בעדייטונג פון שבת, פון דעם אידען׳ס נשמה יתירה, און וויא דאס איז געשטערט געווארען אין דעם אידען׳ס לעבען פון דער נייער וועלט.**

---

„ועשו לי מקדש — זה השבת ; ושכנתי בתוכם — זו היא הנשמה היתרה".

תניא : ר׳ יוסי ב"ר יהודה אומר : שני מלאכי השרת מלוין לו לאדם בערב שבת מבית הכנסת לביתו ; אחד טוב ואחד רע ; וכשבא לביתו ומצא נר דלוק, שלחן ערוך ומטתו מוצעת, מלאך טוב אומר : יהי רצון שתהיה לשבת אחרת כך ומלאך רע ענה אמן בעל כרחו ואם לא מלאך רע אומר יהי רצון שתהא לשבת אחרת כך ומלאך טוב עונה אמן בע"כ. (שבת כל כתבי).

און ערהאבענעם פאנטאסטישעס בילד שטעלט אונז פאר דער תנא ר׳ יוסי אין דער מסכתא שבת. מיר ערבליקען וויא ער האט איינגעפאסט דיא הייליגקייט פון דעם ערהאבענעם טאג שבת און דעם גליק און זעגען וואס דער שבת האט געבראכט אין

דעם אידישען פאָלק און האָט איהם אריינגעגעבען הימלישע קרעפטען צו עקזיסטירען אין אלע זיינע אומגליקליכע צייטען. דעם מוטה און דעם כח וואס ער האָט געגעבען דעם אידען צו בעקעמפפען זיינע שונאים אין אלע צייטען און אין אלע לענדער.

ר׳ יוסי זאָגט נעמליך אזוי :

„צוויי מלאכים בעגלייטען דעם אידען יעדען פרייטאָג אבענד ווען ער געהט פון שוהל נאָך זיין הויז, איינער איז א גוטער מלאך און דער צווייטער איז א שלעכטער, און ווען דער איד קומט צו זיין הויז און געפינט דיא ליכט ברענען, דער טיש געגרייט, און זיין בעט איז אין ארדנונג, דאן זאָגט דער גוטער מלאך : גאָט זאָל געבען, אז איבער־אכט־טאָג־שבת זאָל אויך זיין אזוי" און דער שלעכטער מלאך ניט ווילענדיג מוז ענטפערען : „אמן". אָבער אויב ניט, דאס הייסט, אויב דער איד געפינט ניט דאס אלעס אין זיין הויז, דאן זאָגט דער שלעכטער מלאך : „גאָט זאָל געבען אז איבער־אכט־טאָג־שבת זאָל אויך זיין אזוי, און דער גוטער מלאך, ניט ווילענדיג, מוז ענטפערען אמן !"

דיא ליכט, דער טיש און זיין בעט (בעאבאכטעט דאס ווארט „וממתו" עס שטעהט ניט

נרו, שלחנו, נאר „ומטתו״). דאס זיינען דיא דריי געגענשטאנדען, וועלכע זיינען דיא מעכטיגע און שטארקע זיילען, וועלכע האלטען אויף דיא גאנצע געביידע פון יודענטהום; דאס ליכט—דיא תורה, דער טיש — דיא כשרות, און דאס בעט — דיא טהרת המשפחה, דאס ריינע אידישע פאמיליען-לעבען. דיעזע דריי זאכען האבען אויפגעהאלטען דעם אידען אין אלע צייטען און האלטען איהם נאך יעצט צוגעבונדען צו זיין רעליגיאן און זיינע היילינע קבלות.

דער נאציאנאלער גייסט, זיין עקזיסטענץ, זיינע וואונדערבארע פעהיגקייטען, זיינע גוטע זיטען, זיין מיטלייד און ערבארעמקייט אויף דיא אונגליקליכע זיין כשר׳ן ריינעם און נאבעלען פאמיליען-לעבען אט דיא אלע בריליאנטען זיינען איינגעפאסט אין דעם נאמען שבת. א היילינער צויבער ליעגט אין דיעזען ווארט וועלכער בעצויבערט דעם ארימען אידען און פערוואנדעלט איהם אין א פירסט; זיין אונ-גליקליכע ליידענדע פרוי אין א פירסטין, זייערע ארי-מע שוואכע קינדערלאך אין פרינצעלעך, זיי ווערען אלע ניי געבארען, און נייע, שפאגעל נייע נשמות בעלעבען און ערמונטערען זייערע קראנקע און פער-מאטערטע קערפערס. זייערע קליינע שולכעלעך און מניינים ווערען פערוואנדעלט אין טעמפלען. א היילי-

געם ליכט בעלייכטעט זיי; מיט ערהאבענע הימלי־
שע געפיהלען זינגען זיי דעם „לכו נרננה“, מיט בע־
גייסטערונג דעקלאמירען זיי דעם „לכה דודי“ און
מיט פרעהליכע הערצער געהען זיי נאך הויז צו בע־
גריסען מיט דעם אלטען הייליגען גרוס: „גוט־שבת!“
צו זייערע פאמיליעס וועלכע ערווארטען זיי מיט
אונגעדולד.

און דער תנא ר׳ יוסי מיט זיין רייכע פאנטאזיע
בעגלייטעט דעם אידען פון שול מיט צוויי מלאכים
צו וועלכע ער ווענדעט זיך מיט „שלום עליכם
מלאכי השלום“. דיא מלאכים פון מנוחה פון שמחה
און צופריעדענהייט מיט ריינע ליעבע; ער זאגט
דעם „שלום עליכם“ מיט א מונטערע שטימע, ער
בעגריסט זיי און בעט זיי „ברכוני לשלום“, זיי זאלען
איהם בענטשען איידער זיי שיידען זיך פון איהם,
און נאכהער ווענדעט זיך דער שבת־פרינץ צו דער
שבת־פרינצעסין מיט דעם בריליאנטענעם „אשת
חיל“, וועלכע דער דיכטער קעניג שלמה האט געוויד־
מעט צו זיין מוטער בת־שבע. אה! ווי פיעל הייליג־
קייט, ליעבע, רייכע און ערהאבענע געפיהלען ליעגט
אין דיעזען פראכטפאלען שיר „אשת חיל מי ימצא!“
נאכהער פאנגט זיך ערשט אן דער פרינצליכער
ערשטער מאהלצייט! אין א ריינעם פערגאלדעטען

זילבערנעם בעכער גיסט ער אָן דעם ריינעם וויין און מאכט דעם שבת׳דיגען קידוש און צוטהיילט דעם וויין פיר זיך זעלבסט, דיא פרינצעסין מיט דיא קליינע פרינצעלעך.

גאָר א בעזונדערער געשמאק געפינט זיך אין דיא שבת׳דיגע מאכלים: אנדערש שמעקען דיא פיש; פראכטפאָל איז דיא לאָקשען-זופ, דער טעם פון גן־עדן איז אין דעם צימעס, דיא פאמיליע עסט צוזאמען מיט אפעטיט, דיא הערצער זיינען פרעה־ליכע, דיא אויגען גלענצען מיט דעם הייליגען גלאנץ פון ליעבע, און דיא גאנצע הויז איז אָנגעפילט מיט רוהע, פרייד און וואהרער גליקזעליגקייט אויף אזוי ווייט, אז דער מלאך רע, דער שלעכטער מלאך פון קנאה, שנאה, קאפריז און ניט פערגינען, זאָגאר דיעזע ביטערע גרויזאמע מלאכים אָדער שדים, וועלכע פער־פינסטערען דעם מענשען׳ס לעבען, מוזען אויך אנ־שווייגען ווערען און מוזען ניט ווילענדיג ענטפערען „אמן“ אויף דעם גוטען מלאך׳ס „יהי רצון“ — גליק־ליך איז דער שבת פרינץ, דער וואהרער שומר שבת, וועלכער גיט אָפּ א זיבעטעל טהייל פון זיין לעבען פיר זיין נשמה, פיר זיין תורה, פיר זיין גייסט און אידעאל און צו יעדען שבת ווען ער קומט אהיים און געפינט דיא ליכט ברענענדיג דער טיש געגרייט און

זיין בעט איז אין ארדנונג — דאן ווינשען איהם דיא גוטע מלאכים ער זאָל דעם צווייטען שבת אויך אזוי פייערען און געבען איהם קרעפטען צו ארבייטען דיא קומענדע זעקס וואָכעדיגע טעג און ער ווערט ווייטער א פרינץ און בענייעט זיך מיט פרישע קרעפטען און אזוי לעבט ער אָפּ זיין לעבען גליקליך און צופריעדען.

אומגליקליך איז אָבער דער יעניגער, וואס ברעכט נור איין מאָל זיין שבת, דיא ליכט זיינען ניט אָנגעצונדען, דער טיש ניט געגרייט, און זיין בעט איז ניט אין אָרדנונג, דאן ווערט צושטערט זיין גאנצעס פאמיליען לעבען, דיא נשמה יתרה שטארבט אָפּ, קיין רוהע, קיין פריעדען, קיין פרייד, און דער שלעכטער מלאך אָדער דיא שדים ומחבלים פון צאנקעריי, אונצופריעדענהייט, האס און אייפערזוכט רואינירען איהם און ווינשען איהם ער זאָל איבער אכטאָג שבת אויך קיין בעסערען ניט האָבען און דיא גוטע מלאכים ניט ווילענדיג מוזען ענטפערען, ווייל אזוי שנעל וויא ער ברעכט נור אָפּ איינמאָל דיא הייליגקייט פון שבת דאן איז שוין אלעס פערלאָרען און דאָס ליכט פון יודענטהום ווערט פערלאָשען אין גאנצען.

דאָ ביי אונז אין ניו יאָרק ליידער, האָט דיא פרינצעסין שבת פערלאָרען איהר חן, עס איז ניט

דיא בעגייסטערונג, ניט דיא הייליגקייט אפילו ביי דיא זאָגענאנטע פרומע אָרטהאָדאָקסישע אידען; עס איז ניטאָ דיא נשמה יתרה, ניטאָ דאָס געטליכע פאטריארכאלישער פערגעניגען פון דעם פרייטאָג צו נאכט. דיא שוהל, דער פרעזידענט מיט זיינע טראָסטיעס, דיא חזנים מיט דיא „לכה דודי'ס", דער שנדר'ן מיט דיא עליות, דאָס איז אלעס טרוקענע אָדער איבערגעפוילטע נאָכמאכונג, „אימיטיישענס" פון דיא אלטע דורות וואָס שמעקען בלויז מיט אמעריקאנער ביזנעס.

וויא איבערראשט בין איך געוואָרען דעם ערשטען פרייטאג צונאכט ווען איך בין געקומען נאָך ניו יאָרק און איך בין געגאנגען דאווענען אין איינע פון דיא היגע גרויסע שוהלען. דער חזן האָט געזונגען „ושמרו בני ישראל את השבת" מיט א גרויסען כאָהר און ביי דעם אריינגאנג זיינען געשטאנען א מחנה קליינע קינדער און האָבען פערקויפט צייטונגען. דיא קינדערלאך אָפגעריסענע, באָרפוסע, ציטערען פון קעלט און שרייען מיט קולות: „צוויי צייטונגען פאר איין סענט!" דער „טאָג—" און דער אבענד—" פיר איין פעני! און דיא אריינגעהער מיט דיא ארויסגעהער קויפען דיא בלעטער מיט גרויס פליים און פון דער שוהל קלינגט אָפ דעם חזן'ס הויכע

און מעכטיגע שטימע און דער כאָהר ענטפערט נאָך איהם : "כי ששת ימים עשה ד׳ את השמים ואת הארץ וביום השביעי שבת וינפש !"

שבת פריה נאָך דעם „דאוונען" בין איך געגאַנ־גען פון שוהל אין ברום קאָרנער נאָרפאָלק סטריט פאַרביי א סאָדא וואסער סטענד. אן אַלטער איד איז געזעסען ביים סטענד, אויף זיין געזיכט איז נאָך געלעגען דער היימישער פרומער מאַן, אין זיינע קנייטשען פון זיין שטערען האָבען נאָך דורכגעשיינט דיא תלמודישע ערקלעהרונגען און פלפולים אין וועלכע ער האָט זיין גאנצען לעבען פערבראכט. ער זיצט אומעטיג, האלט איין חומש און איז מעביר דיא סדרה שנים מקרא ואחד תרגום און זינגט צו שטי־לערהייד מיט דעם טראָפ דעם פסוק : „ששת ימים תעשה מלאכה ויום השביעי שבת לה׳ אלהיך !" — „מיט לעמאָן ?" „מיט סטראָבעררים ?" — פרעגט דער אַלטער אין מיטען איינעם, וואס איז צוגעגאנגען צו דעם סטענד קויפען א גלאָז וואסער.

אין מיין ערשטער וואָהנונג אין ניו יאָרק האָט געוואָהנט אן אלטער פרומער איד. ער אליין האָט שוין גאָר ניט געטאָהן, זיינע קינדער האָבען געאַר־בייט און האָבען איהם ערנעהרט. שבת פריה איז

ער אויפגעשטאנען, האָט מעביר געווען דיא סדרה און נאכהער געלערענט א פרק משניות, און וויא ער האָט דערהערט דעם זייגער שלאָגענדיג „זעקס", דאן איז ער אריינגעגאנגען אין שלאָף־צימער און האָט אויפגעוועקט דיא קינדער צו דער ארבייט:

„סעמי, טשאלי, דזשעני, מיימי! שטעהט אויף, עס איז שוין ניט פריה, עס איז צייט געהן צו דער ארבייט, עס הערט זיך באלד דער וויסעל! עס הערט זיך באלד דער וויסעל! שטעהט אויף, קינדער! איך געה אין שוהל אריין".

טרויעריג, דיא הייליגע רוה פון שבת איז פערניכטעט געוואָרען און מיט איהר צוזאמען אויך אונזער לעבענס־רוה פערשטערט געוואָרען, און אויף זייער אָרט האָבען מיר בעקומען אומרוהיגקייט, קומער, זאָרג און טומעל.

„לא שלותי ולא שקטתי ולא נחתי ויבא רגז!"



# תצוה.

„ואתה תצוה את בני ישראל ויקחו אליך שמן זית זך כתית למאור להעלות נר תמיד — חקת עולם לדרותם מאת בני ישראל" (שמות כ"ז).

„שמן זית זך כתית למאור: „זית רענן יפה פרי תואר קרא ד' שמך מה הזית הזה עד שהוא באילנו, מגרגרין אותו ואחר כך מורידין אותו מן הזית ונחבט; ומשחובטין אותו מעלין אותו לגת, ונותנין אותו במטחן ואחר כך טוחנין אותו, ואחר כך מקיפים אותם בחבלים ומביאין אבנים ואחר כך נותנין את שמנו, כך ישראל באין אומות העולם וחובטין אותן ממקום למקום וחובשים אותם וכופתים אותם בקילורין ומקיפים אותם טרטיוכלין ואחר כך עושים תשובה והקב"ה עונה להם. (רבה תצוה.)

א לאָגישען פּאָעטישען פּאראלעל ציהט דער מדרש צווישען ישראל און דיא אייל־בערטען (מאסלי־נעם): „א גרינער אייל־בערט בוים וועלכער איז פול מיט שעהנע איילבערטען, האָט גאָט דיך אָנגערופען", האָט ירמיה הנביא געזאָגט „אלעס וואָס עס ווערט געטאָהן מיט דעם אייל־בערט בוים ווערט געטאָהן מיט דיר, אזוי וויא דיא איילבערטען ווען זיי זיינען נאָך אויף דעם בוים, נעהמט מען זיי ארונטער און מען

פרעסט זיי, נאָכהער נעהמט מען זיי אין קעלטער און מען בינט זיי ארום מיט שטריק און מען לייגט אָן גרויסע שטיינער אויף זיי, דאן גיעבען זיי ארויס זייער בוימאייל, אזוי איז מיט דיא אידען צווישע אלע נאציינען, מען יאָגט זיי פון איין אָרט צום צווייטען, מען בינט זיי מיט שטריק, מען שמידט זיי אין קייטען, מען פרעסט זיי מיט פערשיעדענע דריקונגען, נאָכהער צייגען זיי זייער קראפט און רופען צו גאָט און ער ענטפערט זיי"...

און וויא ריכטיג און ערהאבען איז דיעזער פאראַלעל, אזוי וויא דער איילבערט גיט ניט ארויס זיין בוים־אייל אָהנע דריקונג; דאָס הייסט, ווען „כתית" דאן איז „למאור", ווען זיי ווערען געדריקט און גע־שטויסען, דאן לייכטען זיי מיט זייער הערליכער געט־ליכער פראכט און גלאנץ.

און דיעזער „כתית", דאָס דריקען און שטויסען פערנעהמט אונזער גאנצע געשיכטע זייט מיר זיינען געוואָרען א נאציאָן ביז צום היינטיגען טאָג.

ווען מיר עפענען אונזער תנ"ך און מיר לעזען אונזער געשיכטע פון אָנפאנג אָן, נאָך אין דער פע־ריאָדע ווען מיר זיינען געווען א פרייע רעפובליק „תקופת השופטים", דאן זעהען מיר דיא גאנצע צייט

דיא צוויי פסוקים:

דער ערשטער לויטעט: „ויעשו בני ישראל הרע בעיניך' ויתנם בידי כושן רשעתים" דאָס איז „כתית".

דער צווייטער זאָגט אזוי: „ויצעקו בני ישראל לד', וישלח להם מושיע ושופט", דאָס איז „למאור".

„און דיא אידען האָבען געטאָהן שלעכטעס אין דיא אויגען פון גאָט, האָט ער זיי איבערגעגעבען אין כושן רשעתים'ס הענד אום זיי צו מאטערן, פלאגען און דריקען (כתית) און דיא אידען האָבען געשריען צו גאָט האָט ער זיי געשיקט א העלפער און א ריכטער וועלכער האָט זיי געהאָלפען און בעלייכטעט זייער פינססטערנים". (למאור).

און אזוי געהען דיעזע צוויי פסוקים אין דער גאנצער געשיכטע שוין טויזענדער יאָהרען און אזוי בייטען זיי זיך כסדר: פריהער קומט כתית און נאָכהער דער למאור. מיר ברויכען מעהר ניט איבער־צובייטען דיא נעמען פון דעם אונטערדריקער און דעם העלפער, דעם פערפינסטערער און דעם בע־לייכטערער אָבער אלץ דער זעלבער „כתית" און דער זעלבער „למאור".

אָנשטאָט כושן רשעתים מוזען מיר אריינשטעלען

מדין, עמלק, פלישתים, אשור בבל, פרס און רומא, רומיניא און אלע דיעזע נאציאָנען האָבען אונז גע־מאכט דעם פיער־טוויזענד יאָהריגען כתית.

אָנשטאָט עתניאל בן קנז דער ערשטער אידישער ריכטער און העלפער מוזען מיר איבערבייטען דיא נע־מען: אהוד, דבורה, גדעון, שאול, דוד, יחזקיהו, זרובבל, יהודה המכבי, בר־כוכבא, אברבנאל, מנשה בן ישראל, מאָנטעפיאָרע, קרעמיע, הערצעל און נאָרדאו — אָט דיעזע אלע אידישע העלדען האָבען געמאכט דעם היסטאָרישען „למאור" „להעלות נר תמיד": זיי זיינען ערשיענען אין דיא פערשיעדענע צייטען, בעלייכטעט אונזערע אויגען און האָבען אונז אריינגע־געבען נייעם כח, פרישע ענערגיע און מוטה צו קעמ־פפען און בעקעמפפען אין גאנצען דעם שרעקליכען כתית ביז דער ריינער בוימאייל וועט ערשיינען פאר דער גאנצער וועלט.

און דער תלמוד לערענט אונז ווייטער מיט דיעזע ווערטער:

„ישראל נמשל לזית, כי כל המשקין מתערבים זה עם זה, השמן אינו מתערב אלא עומד עליו; כל ישראל אינם מתערבים עם אומות העולם שנאמר "לא תתחתן בם".

ישראל ווערט געגליכען צו דעם בוימאייל: אלע געטרענקע קענען מיר אויסמישען איינעם מיט דעם

אנדערן, אָבער דער בוימאייל מישט זיך ניט אויס מיט קיין געטרענק, נור ער בלייבט פון אויבען — אזוי זיינען דיא אידען: זיי מישען זיך ניט אויס מיט קיין אנדער נאציאָן ווייל עס איז זיי פערבאָטען געוואָרען זיך מתחתן צו זיין מיט דיא אומות העולם.

אָה, פיעל זיינען געוועזן דיא לייט וועלכע האָבען זיך בעמיהט אויסצומישען אָדער אסימילירען דעם אידען מיט אנדערע פעלקער, און זיי האָבען ווירקליך גערעכענט אז מיט דער מיתת־נשיקה, דיא אסימולאציאָן, וועלען זיי אויסלייזען דעם אלטען אומגליקליכען וואנדערער פון אלע זיינע שמערצען און ליידען; זיי האָבען גערעכענט אז עס איז פיעל בעסער פאר דעם אידען צו שטארבען א רוהיגען טויט וויא צו לעבען א געפּלאגטען לעבען אלס וואנדערער אין נויטה, מאנגעל, הונגער און שאנדע; אלע מיטלען האָבען זיי אָנגעווענדעט אויסצופיהרען זייער ציעל אָבער עס האָט זיי גאָר ניט געהאָלפען. אזוי וויא דער בוימעהל קען זיך ניט אויסמישען מיט קיין אנדער געטראנק, אזוי קענען זיך דיא אידען ניט אסימילירען מיט אן אנדער פאָלק און וויא עס כאפּט נור אָן דיא תקופה פון „כתית“, פון אונטערדריקונג און צוואנג, דאן שיינט ארויס ווייטער א נייער „למאור“ און דער נאציאָנאלער גייסט ווערט אויפגעלעבט פון דאָס נייע

און דאָס יודענטהום ווערט פערשטארקט מיט פרישע קרעפטען; דיא טרוקענע ביינער זאמלען זיך אויף און ווערען פערוואנדעלט אין סקעלעטען, נייע מוסקו־לען מיט נערווען ווערען אויף דיא סקעלעטען אָנגעצוי־גען, א נייע הויט איבער דיא קערפּערס, און א לעבע־דיגער גייסט בעלעבט זיי און שטעלט זיי אוועק אויף דיא פים!

מיט אונזערע אויגען האָבען מיר רוסישע אידען געזעהען און דורכגעלעבט דיא פערשיעדענע עפּאָכען:

אין אלעקסאנדער דעם צווייטענס צייט האָבען אונזערע אסימולאטאָרען געארבייט גאנץ פלייסיג; זיי האָבען מיט אלע קרעפטען, פיזישע, גייסטיגע און מאָראלישע „אברוסירט" דעם יונגען דור, זיי האָבען אויפגענומען דיא רוסישע זיטען, מאניערען און אלע מנהגים אין לעבען; זיי האָבען דעם נאָמען איד פער־לייקענט, דיא אידישקייט פערוואָרפען, דיא הייליגע שפּראך פערגעסען, און זיי האָבען געמיינט אז דאָס איז שוין דיא ענדע.

אָבער וויא ענטוישט זיינען דיא חברה געוואָרען ווען אלעקסאנדער דער דריטער איז ארויף אויף׳ן רוסי־שען טראָהן און דער שרעקליכער „כתית", דיא פּאָגראָמען פון 1882 האָבען זיך אָנגעפאנגען. דאן

זיינען זיי וויא צומישט געוואָרען, עס איז באַלד ער־שיענען א נייער „למאור“ אין דעם אידישען לאַגער. דאָס הייליגע נאציאָנאלע געפיהל האָט זיך ערוועקט מיט א געטליכער קראַפט אין דיא הערצער פון דער אידישער יוגענד, און פון אלע קלאסען פרומע און פרייע, רבנים און דאָקטוירים, דייניס און יוריסטען, ישיבה לייט און סטודענטען האָבען צוזאמען אויפגע־הויבען דיא ציוניסטישע פאָהן מיט א הייליגען ענ־טהוזיאזמוס!

דר. פינסקער מיט רבי שמואל מאָהליווער זיינען דיא גרינדער פון דער ערשטער קאטאוויצער אסיפה פון דיא „חובבי ציון“; דיא כארקאָווער סטודענטען האָבען פערלאָזען דיא אוניווערזיטעט און א גאנצע מחנה האָבען אָנגעטאָהן רינגען אויף זייערע הענד אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעקריצט דיא בוכשטאבען „ב. י. ל. ו.“ דאָס מיינט: „בית יעקב לכו ונלכה!“ :—„יעקב׳ס קינדער! קומט, לאָמיר געהען!“ און זיי זיינען אוועק געגאנגען, צו־ריק צו זייער מוטער „ציון“ אום צו בעארבייטען דאָס הייליגע לאנד. און דיעזע געבילדעטע יונגע פיאָני־רען זיינען געווען דיא גרינדער פון דער בעריהמטער קאָלאָניע גדרה אין ארץ ישראל!

אָט אזוי איז נאָך דעם „1882־טען“ רוסישען

„כתית“ געבאָרען געוואָרען דער ערהאבענער ציוניס־טישער „למאור“ און האָט בעלייכטעט דיא גאנצע אי־דישע נאציאָן, דער בעריהמטעסטער אידישער דיינקער און פילאָזאָף „אחד העם“ האָט מיט זיין ליטעראַ־רישער קראַפט צוזאמענגעקליעבען דיא בעסטע קרעפ־טען פון דעם פאָלק און האָט געגרינדעט דיא חברה „בני משה“ וועלכע האבען זעהר פיעל געלייסטעט פיר דיא ענטוויקלונג פון דער ציוניסטישער בעוועגונג.

דער „למאור“ האָט דורכגעדרונגען מיט זיינע שטראהלען אויף אין מעריב־זייט פון אייראָפּא און ער האָט אונז אויפגעשטעלט נייע העלפער און פאָר־קעמפפער אין דיא גרויסע פערזאָנען פון דר. הערצעל און דר. נארדאו; דיא גרויסע ליכטער האָבען בע־שאפען דעם ערשטען באזעלער קאָנגרעס אין יאָהר 1897 דיעזע קאָנגרעסען האָפען מיר וועלען אונז ברייננגען צו אזא שטופע, אז מיר וועלען שוין ניט ברויכען מעהר קיין „כתית“ צו אונזער „למאור“.

דאָ אין אונזער נייעם פאָטערלאנד, אין אמעריקא, וואו מיר האָבען ניט, גאָט צו דאנקען, דעם כתית, אויך דאָ האָבען דיא שטראהלען פון דעם למאור אריינגעדרונגען אין דיא אסימילאטאָרישע קרייזען און דער נאציאָנאליזמוס אונזערער האָט געהאט א גרוי־

סען זיעג איבער דער פעררעטהערישער אסימילאציאָן.

אין דעם גרויסען, רייכען און שטאָלצען טעמפעל „עמנואל", דער שטארקסטער פעסטונג פון דעם רע־פאָרם־יודענטהום אין אמעריקא, אין דעם טעמפעל וואו דיא צעהן־פופצעהן טויזענד דאָלארדיגע ראבביים האלטען אין איין פראָפאגאנדירען דיא זעלבסט־פער־ניכטונגס אידעע, אז אידען זיינען קיין נאציאָן, קיין בעזונדערע ראסע, נור א סעקטע פון אן אלטען גלויבען אָהנע מעשים, וועמענס צוועק עס איז צו פערשפרייטען דאָס גלויבען און מאָנאָטאאיזם (אחדות הבורא) איבער דער גאנצער וועלט. אין דעם טעמפעל וואו צום סידור האָבען זיך, רח"ל, צוגעטשעפעט באצילען פון רעפאָרם־טובערקולאָזיס און האָבען אויפגעפרעסען בלאט פאר בלאט, ביז עס איז ניט געבליעבען קיין זכר פון „ציון", קיין ברעקיל פון „ירושלים" — ניטאָ דאָרט מעהר אפילו א סימן פון נאציאנאלע האָפנונגען; דער סידור איז נעביך איינגעדארט געוואָרען גאר ניט צו דערקענען, ער איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א קליינעם ענגלישען „פרעיער־בוק"; אין דעם טעמ־פעל וואו צו דיא טענער פון א גרויסען אָרגאן שרייען אוים קריסטליכע מיידלאך דעם אידישען „שמע ישראל" מיט אן איירישען אקצענט, — אין דיעזען טעמפעל האָט געטראָפען דיא לעצטע צייט א פאל מיט

איינעם פון זיינע רייבסטע טראָסטיעס, ווענמען טאָכ־טער איז. רח"ל, קראנק געוואָרען אויף דער אמעריקאַ־נער מיליאָנערישע קראנקהייט, דיא היסטערישע ליי־דענשאפט צו בעקומען א טיטול פון אן איירָאָפּעאי־שע גרעפין — און זיא האט חתונה געהאט פאר א שווייצארישען קאטהאָלישען גראף. און דער נעגאטיוו מיט דעם פּאָזיטיוו זיינען צוזאמענגעקומען — דער רעפאָרם יודענטהום מיט דעם קאטהאָליציזמוס האָבען זיך בעגעגענד און דער גליקליכער אידישער מיליאָנער, וועלכער איז איינער פון דיא יעניגע בעלי טובות וואָס האלטען אין איין שרייען צו דיא איינגעוואנדערטע אידען: „אמעריקאניזירט זיך, ווערט גוטע סיטי־זענס!“ האט זיך אליין „איירָאפּעאיזירט“ און האט אוועקגעגעבען זיינע אמעריקאנער מיליאָנען מיט זיין טאָכטער צו דעם קאטהאָלישען גראף. — אין דיעזען טעמפּעל האט אריינגעשיינט דער נאציאָנאליסטישער „למאור“ און זיינע שטראהלען האָבען אריינגעדרונגען אין דעם רייכען טעמפּעל מיט זיין גאנצע מאכט דורך דעם טאלענטפאָלען ראבביי דר. יהודה לייב מאגנעס, וועלכער האט ארויס געטרעטען געגען דעם היינט מאדישען אמעריקאנער „סנבלט“ מיט דעם זעלבען קראפט וואָס אונזער פירסט נחמיה התרשתא האט ארויסגעטרעטען געגען סנבלט

התורני ומוביה העמוני, דיא אסימילאטאָרען מיט פינף און צוואנציג הונדערט יאָהר צוריק.

נחמיה האט סנבלט׳ן ארויסגעטריעבען פון בית המקדש, און אונזער נחמיה — דר. מאגנוס האָט פערייאָגט דעם אסימילאטאָרישען טראָסטי פון טעמפעל עמנואל. דאָס איז דער זיעג פון למאור. און מיר האָפען אז דער למאור וועט אין דיא טעמפלען ווערען אזוי שטארק אז אנשטאט דעם אסימילאטאָרישען שטערן וועט שיינען דיא נאציאָנאליסטישע זונן אויף דעם אידישען הימעל און מיר זאָלען שוין ניעמאלס בעדארפען „כתית“ צו אונזער „למאור“.



# תשא

## דיא פילאזאפישע בעדייטונג פון דעם עגל הזהב. דיא ערקלעהרונג איבער „רד כי שחת" און דיא פונדאמענטאלע פרינציפען פון יודענטהום.

---

## דער עגל הזהב.

„וירא העם, כי בושש משה לרדת מן ההר.
ויקהל העם על אהרן ויאמרו אליו קום **עשה** לנו
אלהים אשר ילכו לפנינו, כי זה משה **האיש**
אשר העלנו מארץ מצרים לא ידענו מה היה לו"..

„וידבר ד' אל משה לך **רד** כי שחת עמך
אשר העלית מארץ מצרים". (שמות ל"ב)

„רבותינו אמרו: בא שטן וערבב את
העולם, והראה להם: כמו **משה תלוי מן
הארץ ומטתו באויר**". (תנחומא).

און ווען דאס פאלק האט געזעהען, אז משה האט זיך פערזאמט ארונטערצוגעהען פון בארג, האבען זיי זיך פערזאמעלט פאר אהרן'ען און האבען צו איהם אזוי געזאגט: שטעה אויף מאך פאר אונז געטער וועלכע זאלען געהען בעפאר אונז, ווייל דער מענש משה וועל-כער האט אונז פון מצרים ארויסגענומען ווייסען מיר ניט וואס עס איז געווארען מיט איהם"...

„און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן: געה, ניעדער אראָפּ (לאָז זיך ארונטער צו זיי) ווייל דיין פאָלק איז פערדאָרבען געוואָרען".

„אונזערע געלעהרטע האָבען געזאָגט עס איז געקומען דער שטן און האָט צומישט דיא וועלט, און ער האָט געוויעזען, אז משה איז אויפגעהויבען געוואָרען פון דער ערד און זיין בעט איז אין לופט".

א וואהרע אידישע טהעאָלאָגישע ערקלעהרונג בעקומען מיר פון דער געשיכטע פון דעם עגל הזהב — דאָס גאָלדענע קאלב. — מיר לערנען דאָ דעם וואהרען פרינציפּ פון תורת משה אז דער עיקר איז טהאט, און ניט גלויבען; ווירקליכע מעשים אָבער קיינע פאַנאטישע שווערמעריי... תורת משה האָט ניט צו טאָהן מיט דעם מענשענס גלויבען, זיא צווינגט איהם ניט און בעפעהלט איהם ניט: גלויב אזוי אָדער גלויב ניט: „האמן ואל תאמין", נור זיא זאָגט איהם אן און בעפעהלט איהם שטריינג טהו, און טהו ניט — „עשה, ולא תעשה". אונזער תורה איז א תורת חיים, וועלכע האָט בלויז צו טאָהן מיט דעם לעבען פון לעבעדיגע אויף דער וועלט, און איהרע אלע מצוות און משפטים זיינען נור געגעבען געוואָרען פון דעם לעבע־

דיגען גאָט צו א לעבעדיגעם פאָלק צי פערבעסערען, פערלייכטערען און בעגליקען זיין לעבען אויף דער לע־בעדיגער וועלט: „וחי בהם ולא שימות בהם!" און ער זאָל לעבען דורך דיעזע מצוות, אָבער ניט צו שטארבען דורך זיי, לערענט אונז דער תלמוד.

„למען יטב לך" „למען יאריכון ימיך", ונתתי מטר ארצך בעתו" „ונתתי עשב בשדך לבהמתך ואכלת ושבעת".

„אום עס זאָל דיר גוט זיין" „אום דו זאָלסט לאנג לעבען" „און איך וועל געבען רעגען אויף דיין לאנד אין דער צייט" „און איך וועל געבען גראָז אין דיין פעלד פיר דיינע פיה און דו וועסט עסען צו זאט", דאָס זיינען דיא הבטחות פון אונזער תורה צו איהרע אנהייננער, זיא פיהרט זיי ניט אוועק אין אנדערע וועלטען, זיא דריקט זיי ניט צו גלויבען מיט געוואלד וויא אנדערע רעליגיאָנען אין איבערנאטירליכע אונ־גלויביגע געגענשטענדען, ווייל עס איז געגען דיא גע־זעצע פון לעבען, עס איז אונמעגליך צו צולייגען פעפער צו דעם גומען און זאָגען: „עס זאָל דיר זיין זיס", וועהרענד דער געשמאק ענטפערט: „עס איז ביטער". מיר קענען ניט הייסען דיא אויגען ווען זיי קוקען אויף א שווארצען געגענשטאנד, זיי זאָלען דאָס

אנערקענען פיר וויים; דאָס זעלבע קענען מיר אונ־
זערע געהירן ניט איינריידען צו גלויבען ווען זיי פער־
שטעהען אז דאָס איז ניט אזוי.

ניט אומזיסט האָט דער מאיעסטעטישער דיכטער
אויסגעשפּראָכען זיך וועגען דיא תורה: „עץ חיים
היא למחזיקים בה“, אז זיא איז א לעבענסבוים פאר
איהרע אנהיינגער, ווייל זיא איז ווירקליך א לעבענס
קוואל, עס פליסט לעבען פון יעדעס וואָרט ווייל זיא
פאָדערט ניט דעם טויטען גלויבען נור דיא לעבעדיגע
טהאַט און דעם געזונדען פערשטאנד; זיא זאָגט
ניט: „גלויב אין גאָט!“ נאָר: „דע את אלהי
אביך“, וויים, לערען און שטודיר, דאן וועסט דו פער־
שטעהען דעם גאָט פון דיינע עלטערען, אָדער „וידעת
היום“, און דו זאָלסט פריהער וויסען און פערשטעהען
דאן וועסט דו פיהלען אין דיין הארץ אז גאָט איז דער
איינציגער גאָט אויף דעם הימעל און אויף דער ערד.

דאָס פאָלק איז נאָך ניט געווען גענוג רייף צו
פערשטעהען און שעצען אזא תורה, וועלכע זאָל נור
פערהאנדלען ערדישע געגענשטענדע; דאָס פאָלק איז
נאָך געווען אָנגעזויגען מיט עגיפּטישע לעהרען, מיס־
טישע און פאנטאסטישע זאגען און אוראלטע אבער־
גלויבונגען האָבען נאָך אָנגעפיהלט זיינע געהירען און

הערצער. דיא דאמאָלדיגע אידען האָבען ניט געקענט בעגרייפען אז משה איז א מענש גלייך מיט אלעמען, און אז גאָט וויל נור גוטעס טאָהן נור פיר זיי און פיר זיך פערלאנגט ער גאָר ניט.

כל זמן משה איז געווען מיט זיי צוזאמען, האָט ער זיי אָבגעהאלטען פון דיא נארישע פאנטאזיעס און דער שטן, דאָס הייסט, דער אבערגלויבען און דיא שווערמעריי, האָבען ניט געהאט קיין שליטה איבער זיי, ווייל טאָג־איין־טאָג־אויס האָבען זיי געזעהען אין זייערע לאגער דעם געטליכען פיהרער זייערען, ער האָט געלערענט מיט זיי צוזאמען און מיט זיין הויכער פערנונפט האָט ער זיי אָפּגעהאלטען פון נארישקייטען און שלעכטעס צו טאָהן וויא א גוטער פאטער זיינע קינדער.

אָבער וויא נאָר „וירא העם כי בושש משה לרדת מן ההר“, דאָס פאָלק האָט געזעהען אז משה האָט זיך פערזאמט אראָפּצוגעהען פון בארג, דאן האָט זיך ביי זיי דיא נארישע פאנטאזיע צושפּיעלט ווי ביי אבערגלויבער און דער שטן פון פאלשע פאנטאזיע און שווערמעריי האָט זיך אריינגעכאפּט אין זייערע מוחות און אין זייערע הערצער און האָט צומישט זייער פערשטאנד און האָט זיי פאָרגעשטעלט זעהר א

רייכעס צויבערהאפטעס און פאנטאסטישעס בילד וויא משה איז אויפגעהויבען פון דער ערד און זיין בע־טעל איז אין לופטען דאס הייסט, משה איז ניט קיין געוועהנליכער שטערבליכער מענש מיט זיי גלייך, ער איז העכער פון זיי, און ער וועט שוין מעהר ניט זיין מיט זיי, ווייל גאָט האָט איהם צוגענומען צו זיך.

דאן זיינען זיי געבליעבען עלענד אויף דער ערד, גאָט איז אויף דעם הימעל, משה'ן דעם גוטען און גרויסען פאָרשטעהער האָט ער אויך צוגענומע, און וואָס זאָלען זיי יעצט טאָהן? דאן האָבען זיי זיך פערזאמעלט פאר אהר'ען און זיי האָבען צו איהם גע־זאָגט: „שטעה אויף! מאך אונז געטער וועלכע זאָלען געהען בעפאָר אונז — ניט אויף דעם הימעל — ווייל דער מענש משה וועלכער האָט אונז פון מצרים ארויסגענומען ווייסען מיר ניט וואָס עס איז געוואָרען מיט איהם". אהרן האָט געמוזט ערפילען זייער וואונש און מאכען זיי, וועז ניט פיעלע געטער, לכל הפחות איי־נעם, דעם גאָלדענעם קאלב ווייל אנדערש האָבען זיי ניט געקענט בעגרייפען. אין מצרים זיינען זיי גע־וואָהנט געוואָרען צו זעהען דעם פערגעטערטען אָקס „אפיס", האָבען זיי דעם גאָלדענעם עגל!

„און גאָט האָט גלייך געזאָגט צו משה'ן „לך רד"

געה, ניעדער אראפ, דאס הייסט, לאז זיך ארונטער צו זיי, ווייל דיין פאלק איז נאך פערדארבען מיט דיא פערדארבענע בעגריפען פון מצרים.

משה איז ארונטער און זעהענדיג דעם עגל מיט דיא ווילדע טענץ, האט ער אווארף געטאהן דיא הייליגע לוחות און האט זיי צובראכען, דאס הייסט, ער האט אנערקענט אז זיי זיינען נאך ניט פעהיג צו פערשטעהען דיא געטליכע לעהרע פון „לא תעשה לך פסל וכל תמונה". זיי קענען נאך ניט פערשטעהען דעם וואהרען ריינעם און גייסטיגען גאט.

נאכהער האט ער צובראכען דעם עגל, דאס הייסט, ער האט פערניכטעט מיט זיין געטליכע לעהרע דעם אבערגלויבען אין דעם עגיפטישען אפיס, ער האט איהם פערניכטעט אין פייער, ער האט איהם צומאהלען און האט פערשפרייט זיין אש אויף דעם וואסער און האט מיט דעם וואסער אנגעטרונקען דיא בני ישראל, דאס מיינט, יעדער איינציגער האט פערניכטעט דעם עגל און האט פערשטאנען אז דאס איז א פינסטערער אבערגלויבען און נארישקייט. — דאן האט ער זיי וויעדער דיא לוחות געגעבען.

און ניט נור דיא אידען אין דער מדבר האבען געמאכט דעם עגל, נור אלע שווערמער און פאנאטיקער

האָבען געמאַכט און מאַכען עד היום דעם עגל: דיא קריסטען, שבתי צבי, פראַנק און נאָך אַנדערע דיא וואָס האָבען געזעהען משה'ן אויפגעהויבען פון דער ערד און מיט זייער רעליגיאָן האָבען זיי געהאַט צו טאָהן נור אין דעם הימעלשען קעניגרייך, „מלכות השמים" און זיי האָבען אוועק געשטעלט דיא פּרינצי־פּען פון זייערע טהעאָלאָגישע לעהרען נור אויף דעם טויטען גלויבען און ניט אויף לעבעדיגע טהאַטען, — אַט דיא אַלע שוועךמער האָבען געמוזט מאַכען דעם עגל ווייל זיי זיינען געבליעבען אָהן א פונדאַמענט אויף דער ערד.

דאָס איז בית אל מיט זיינע קעלבער, דער קאַטאָ־ליציזמוס מיט זיינע בילדער; דאָס איז אַלעס דעם שטן'ס ארבייט וואָס האָט אויפגעהויבען משה'ן פון דער ערד און האָט אוועקגעשטעלט דיא רעליגיאָן נור אויף מדרש און ניט אויף מעשה.

אָבער אונז האָט דער פּראָפעט מיכה אָנגעזאָגט: „מה ד' דורש ממך כי אם עשות משפט", אז גאָט פאָ־דערט פון מענשען נור טאָהן גערעכטיגקייט.

און דער תלמוד לערענט אונז: „לא המדרש עיקר אלא המעשה!"

# ויקהל

„ויאמר משה אל בני ישראל: ראו קרא ד' בשם בצלאל בן אורי בן חור למטה יהודה וימלא אותו רוח אלהים בחכמה, בתבונה ובדעת ובכל מלאכה". (שמות ל"ה)

„כל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה". (אבות).

א ניעדריגען און פינסטערען בעגריף האָט דער גלות בעשאפען ביי אונזערע אידען וועגען ארבייט און ארבייטער. ווער פון אונז ווייס דאָס ניט אז דער שניי־דער, שוסטער און דער שמיעד איז געווען א פלעק און א שאנדע פיר זיין פאמיליע? עס איז געווען פיעל לייכטער איבערצוטראָגען דיא שאנדע פון א מופקר, א הולטיי און א פארדאָרבענעם אונמאָראלישען מענשען, אבי נור א ליידיג־גייער, א „בעל הבית'שער" גאָר ניט — וויא האָבען א שניידער אָדער א שוסטער אין דער פאמיליע!

„אין מיין גאנצע משפחה איז ב"ה ניטאָ קיין איין בעל מלאכה!" האָט זיך שטאָלץ מיין עלטער באָבע געריהמט אימער מיט איהר יחוס.

„וואָס וועט זיין פון דיר, שקץ איינער? וואָס וועט זיין פון דיר דער תכלית? איך וועל דיר אָפּ־געבען צו אלי׳ מאיר דעם שניידער אָדער צו בעריל דעם שוסטער, דו וועסט זיך נעהמען צו דער שער אָדער צו דער קאַוואדלע ווען דו וועסט ניט וועלען לערנען!"

אזא פזמון פלעגט אימער מיין מאַמע, זאָל זיך מיהען, אָפּהאַלטען פאר מיין אינגערען ברודער וועל־כער איז געווען א לעבעדיגער, קלוגער אינגעל און האָט נעבעך זעהר ניט געוואָלט לערנען.

„עס איז מיר בעסער צו געהען צו דעם שניידער אָדער דעם שוסטער איידער געהען לערנען ביי אברהם יצחק דעם הויכען און דארען מלמד, וועלכער קנייפּט מיך מיט זיינע דארע פינגער און רייסט פון מיר אוים שטיקער לייב".

אזוי האָט מיין ברודער געענטפערט מיט אן אונ־שולדיגען שמייכעל.

„אָך און וועה צו מיר, ר׳ פנחס׳לם דער מירערס טאָכטער, וואָס איך האָב דאָס דערלעבט צו הערען פון מיין קינד אז ער וויל גאָר ווערען א בעל מלאכה און פערשווארצען מיר מיין משפחה". — האָט מיין מו־טער אויסגעשריען מיט א יאמערליכען געוויין פון

איהר טיעפען הארצען.

אזעלכע געשפּרעכען האָט יעדער פון אונז גע־הערט אין זיינע קינדערשע יאָהרען אין זיין שטעדטעל פון וואנען ער איז.

קיינער פון אונז האָט ניט געזעהען אז אן אר־בייטער זאָל שטעהען אין שוהל אין מזרח־זייט, א בעל מלאכה האָט ניעמאלס אין זיין לעבען פערזוכט דעם טעם פון „שלישי", „ששי" אָדער „אחרון".

אין דעם אלטען ווילנער פנקס איז פערשריעבען אז מען האָט אמאָל אוועקגעשטעלט א שניידער אין קונע דערפאר וואָס זיין פרוי האָט זיך ערלויבט אָנצור־טאָהן א זילבערנעם קאָלנער אויף איהר האלז וואָס דאָס קומט דער רבי׳צען אָדער דער גבירה. פון שטאָדט.

דער ארבייטער האָט געמעגט זיין רייך, האָט איהם דאָס געלד גאָר ניט געהאָלפען. די געזעל־שאפט האָט פון איהם געוויכט, וויל א בעל מלאכה בלייבט א בעל מלאכה.

יעצט וועל איך שטעלען דיא פראגע: שטאמט דיעזער נארישער אומגעלומפּערטער בעגריף פון יו־דענטהום? איז דיא ארבייט געווען א שאנדע אמאָל אויך אין דער צייט פון דיא נביאים אָדער דיא תנאים?

לאָמיר זעהען:

דער ערשטער ארבייטער וועמעס נאָמען עס ווערט ערווינערט אין דער תורה, איז בצלאל און איהם האָט דיא תורה געקרוינט מיט א טיטעל וויא איינעם פון דיא גרעסטע נביאים, נעמליך:

„וימלא אותו רוח אלהים בחכמה בתבונה ובדעת ובכל מלאכה".

„און גאָט האָט איהם בעשאָנקען מיט דעם געט־ליכען גייסט, מיט קלוגהייט, פערנונפט און וויסענ־שאפט אין אלע ארבייטס־פאכען".

אזא פרעכטיגען אטעסטאט אָדער דיפּלאָם האָט נאָך קיין מענש אויסער משה'ן ניט בעקומען פון גאָט אליין, נור בצלאל דער ארבייטער.

דער אידישער קעניגליכער דיכטער האָט זיך אויסגעדריקט וועגען דעם ארבייטער מיט דיעזע ער־האבענע ווערטער:

„יגיע כפיך כי תאכל
אשריך וטוב לך"

„אָ, ארבייטער! ווען דו ערנעהרסט זיך פון דיינע צעהן פינגער, דאן וואָהל און גוט איז דיר!"

און דער תלמוד ערקלעהרט דעם פסוק אזוי:

„גדול הנהנה מיגיע כפיו יותר מירא שמים, דאלו גבי ירא שמים כתיב אשרי כל ירא ד', וגבי נהנה מיגיע כפו כתיב אשריך וטוב לך!"

דאָס הייסט: אז דער ארבייטער שטעהט פיעל העכער פיר דעם ירא שמים ווייל ביי דעם צווייטען שטעהט נאָר געשריעבען דער וואָרט „אשרי" און ביי דעם ערשטען שטעהט „אשריך וטוב לך".

דיא ארבייט איז געווען אזוי געשעצט און געאכטעט ביי דעם אוראלטען אידען, אז ער האָט אויף איהר געקוקט מיט אן אינטערנאציאָנאלען קאָסמאָפּאָליטישען בליק, און ווען שלמה המלך האָט געבויט דעם ערשטען בית המקדש, דיא קרוין פון יודענטהום, האָט ער געשיקט נאָך א קינסטלער־ארבייטער פון צור מיט דעם נאָמען חירם א קופּער שמידט, און ער, דער ניט־איד, האָט געמאכט דיא גאנצע ארבייט, און דער היסטאָריקער אין מלכים שרייבט מיט דיעזע ווערטער:

„וישלח המלך שלמה, ויקח את חירם מצור — ואביו איש צורי חרש נחושת, וימלא את החכמה ואת התבונה ואת הדעת לעשות כל מלאכה מנחושת, ויבא אל המלך שלמה ויעש את כל מלאכתו".

דער פרינץ פון דיא נביאים ישעיה בן אמוץ ער־אינערט דעם „חכם חרשים“, דעם קינסטלער־ארביי־טער גלייך מיט דעם נביא און דעם שופט.

אין דעם הייליגען יום טוב שבועות, ווען דאס פאָלק האָט געבראַכט דיא „בכורים“ אין ירושלים פלעגען ארויסגעהן מקבל פנים זיין דיא געסט, דער קעניג, דיא מיניסטאָ־רען און דיא ארבייטער.

„אהב את המלאכה ושנא את הרבנות“, האָב ליעב דיא ארבייט, און האס דיא רבנות, לערענט אונז דער תלמוד.

„יפה ת"ת עם דרך ארץ שיגיעת שניהם משכחת עון, וכל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה“.

רבן גמליאל, דער אידישער פירשט לערנט אונז: „עס איז גוט תורה מיט ארבייט, ווייל צוזאמען האל־טען זיי אָפּ דעם מענשען פון זינד, און תורה אָהן מלאכה מוז בטל ווערען“.

וויא הויך און געשעצט איז געווען דיא ארבייט ביי דיא אידען זאָ ניעדעריג און פעראַכטעט איז זיא געווען ביי דיא גריכען און דיא רוימער. דיא גריכישע פילאָזאָפען פלאַטאָן און אריסטאָטלעס האָבען גע־לערנט, אז דיא רעגיערונג זאָל ניט געבען קיין בירגער

רעכטע צו דיא ארבייטער און זיי האָבען זיי אָנגערו־
פען : „דיא שמוציגע און דיא נידעריגע אין דער
געזעלשאפט״.

דיא רוימער האָבען נאָר געשטאָלצירט מיט זייער
מיליטערישען אָדעל און זיי האָבען שרעקליך אונטער־
דריקט דיא אָרימע ארבייטער און זיי האָבען זיי בע־
לאסטעט מיט פערשיעדענע שטייערן.

אין דער זעלבער צייט פסק׳עט דער תלמוד דעם
דין אז דער ארבייטער האָט דיא פריווילעגיע און דיא
פרייהייט אוועקצוגעהן פון זיין ארבייט ווען ער וויל
און דער בעל הבית האָט ניט דאָס רעכט צו פער־
האלטען זיין לוין. „פועל יכול לחזור אפילו בחצי היום״.

(ב״ק קט״ז ע״ב.)

דער תנא רבי יוחנן בן מתיא, דערציילט אונז
דער תלמוד, האָט געשיקט זיין זוהן דינגען ארבייטער
פיר איהם. דער זוהן איז געגאנגען און האָט געדונגען
ארבייטער און ער האָט זיי פערשפראָכען צו געבען
עסען אויף זיין טיש. ווען דער תנא האָט דאָס דער־
הערט האָט ער צו איהם געזאָגט : „מיין קינד, ווען דוא
ועסט פאר זיי אפילו מאכען סעודות וויא שלמה
המלך אין זיין צייט וועסטו אויך ניט יוצא זיין. דוא
מוזט אימער געדיינקען אז זיי זיינען דיא קינדער

פון אברהם יצחק ויעקב."

(בבא מציעא דף פ"ג.)

רבה בר בר חנה האט א מאל געדונגען טרעגער זיי זאלען ברייגגען א פאס ווין, דורך א צופאל האבען דיא טרעגער צובראכען דאס פאס און אויסגעגאסען דעם וויין, האט ער פאר דעם שאדען צוגענומען פון זיי זייערע זאכען. דיא טרעגער האבען זיך בעקלאגט פאר רב'ן, האט ער גלייך געהייסען רבה'ן אפגעבען זיי דיא קליידער און בעצאהלען פיר דעם טאג ארבייט.

„איז דער דין אזוי ?" פרעגט רבה ביי רב'ן ערשטוינט.

„יא", ענטפערט רב, „עס שטעהט געשריעבען אין משלי: „למען תלך בדרך טובים וארחות צדיקים תשמור" דאס הייסט „דוא מוזט געהן אין דעם וועג פון גערעכטע מענשען און זייערע זיטען מוזט אפ־היטען".

(ב"מ דף פ"ו).

„וחי אחיך עמך", און דיין ברודער זאל לעבען מיט דיר, איז מפריש דער תלמוד דאס ווארט „עמך" מיט דיר, גלייך ביי'ם עסען, ביי'ם טרינקען און ביי אלעם. דאס הייסט, דו זאלסט ניט עסען קיין זעמעל און ער שווארצען ברויט; דו זאלסט ניט שלאפען

אין א בעט און ער, דער אָרימער ארבייטער, אויף דער ערד. ניין! דאָס טאָר ניט זיין, ער מוז לעבען גלייך מיט דיר און דאָס מיינט דאָס וואָרט „עִמָך“.

צווישען דיא תנאים און דיא גרויסע אידישע גע־לעהרטע זעהען מיר זעהר פיעלע ארבייטער, וויא רבי יוחנן דער שוסטער; רבי יצחק דער שמידט און נאָך אנדערע.

שטאָלץ מעגען זיין אונזערע אידישע ארבייטער מיט אונזער תורה און אונזער רעליגיאָן וועלכע זיינען פול מיט ארבייטער פריינדשאפט, פיעל מעהר פון דיא זאָגענאנטע „ארבייטער פריינד“, וועלכע ווארפען שמוץ אויף אונזער תורה מיט דער פיער־טויזענד־יעהריגע טראַדיציאָן, ניט לערנענדיג און ניט וויסענדיג דעם אינהאלט פון איהר.

ארבייטער רעספעקטירט דיא תורה וועלכע רעספעקטירט דיא ארבייטער.

„דיא היסטאָריע וויעדערהאָלט זיך זעלבסט“. און אזוי וויא אמאָל, מיט מעהר פון דריי טויזענד יאָהר צוריק, ווען אונזערע אור־עלטערען זיינען בע־פרייט געוואָרען פון שקלאפעריי אין מצרים און זיך ארומגעדרעהט אין מדבר פיערציג יאָהר צייט פול מיט שטרעבונגען און האָפנונגען צו בעקומען זייער

היסטאָרישעם לאנד, ארץ העברים (וויא יוסף האָט דערצעהלט פארן שר המשקים: „כי גנב גנבתי מארץ העברים“.) געהענדיג אין דער וויסטענעס ווייט פון ישוב, ווייט פון קולטור און ציוויליזאציאָן, דאן האָטווירקליך דער גרויסער געטליכער קינסטלער בצלאל בן אורי בן חור ערשיענען וויא דיא ליכ־טיגע זונן פיר זיין נאציאָן און האָט זיי געעפענט דיא אויגען זיי זאָלען זעהען שעהנע טעכניק אין דיא קינסט־ליכע ארבייט פון דעם הייליגען „משכן“ — דעם טעמ־פעל פיר אן ארומוואנדערנדע נאציאָן. מיט זיין קונסט האָט ער אין זיי ערוועקט א פרייען גייסט, און זיי האָבען אָנגעפאנגען אראָפּוואַרפען פון זיך דעם שקלאפען־גייסט וואָס איז איינגעוואקסען אין זייער נאַטור דורך דער צייט פון דעם לאנגען, פינסטערען גלות־מצרים. כל זמן זיי זיינען געווען שקלאפען האָט זיי קונסט ניט געקענט ליעגען אין זינען, זיי האָבען עס ניט פערשטאנען, זיי האָבען קיין אהנונג געהאט וואָס קונסט איז; זיי האָבען קיין געפיהל צו שעהנ־קייט ניט געקענט האָבען מקוצר רוח ומעבודה קשה, אין דעם פינסטערען שקלאפישען לעבען, ביי שווערע ארבייט, אָהן עטוואָס רוהע איז קונסט א גאנץ איבע־ריגע זאך. בצלאל בן אורי (זוהן פון ליכט) בן חור (זוהן פון פרייהייט) האָט בעפרייעט זייערע נשמות

און האט בעלייכטעט זייער נייעם וועג מעבדות לחירות און דארום האט דאס איהם דיא תורה ארויסגעגעבען דעם שעהנעם אטעסטאט און אייביגען דיפלאם: „וימלא אותו רוח אלהים בחכמה, בתבונה ובדעת ובכל מלאכה“.

דיא זעלבע ערשיינונג זעהען מיר היינט, אין אונ־זער צייט. נאך צוויי טויזענד יאהר וואנדערען און פערשקלאפטען גלות־לעבען אין אלע לענדער פון דער גרויסער וועלט, אונטער דעם יאך פון יעדע נאציאן, אבגעריסען פון דער מוטער נאטור, וויים, זעהר וויים פון שעהנע קונסט, אין דיעזען פינסטערען צושטאנד איז אין אונז ערוועקט געווארען דער נאציאנאלער גייסט מיט אלט־נייע שטרעבונגען אבצולעבען וויע־דער און צו קעמפפען ווייטער פיר אונזער הייליגע היסטארישע לאנד, וועלכע איז דורך דיא פיעלע חורבנות פערוואנדעלט געווארען אין א מדבר, אין א גרויסען שרעקליכען בית עולם פול מיט קברים, מיט אן אלטען איבערגעבליעבענעם הייליגען מאנומענט, דער „כותל המערבי“ מיט זיינע גרויסע שווארצע שטיינער — א סימבאל פון פערניכטונג און פערוויס־טונג, אהן א שפור פון קונסט און שעהנקייט.

וויא אמאל אין יענעם מדבר איז דער געטליכער

קינסטלער בצלאל ערשיענען און האָט בעשאפען א נייע עפּאָכע אין דער אידישער קולטור, אזוי אויך היינט האָט דער נאציאָנאלער גייסטרייכער קינסטלער פּראָפ. באַריס שאַץ געגרינדעט דיא שולע אין ירושלים מיט דעם נאָמען „בצלאל“ דורך וועלכע ער האָט בעשאַ־פען א נייע עפּאָכע אין אַרץ ישראל, צו מאכען פון דיא אונגליקליכע חלוקה־יונגע־לייט קינסטלער, און זיי זאָלען פּראָדוצירען אידישע קונסט.



# פקודי

## דאם אונגליק פון פערשטעלען זיך, פון שפּיעלען די
## ראָלע אלס „מענש" און „איד" אין צוויי
## פערשיעדענע פאַרמען.

---

## די פערמאַסקירטע.

---

„ובהעלות הענן מעל המשכן יסעו בני ישראל
בכל מסעיהם, ואם לא יעלה הענן ולא יסעו עד
יום העלתו. כי ענן ד' על המשכן יומם ואש
תהיה לילה בו לעיני כל בית ישראל בכל
מסעיהם". (שמות מ.)

וואויל און גוט איז דעם מענשען, וואס קען זיך
צייגען פאר דער וועלט וויא ער איז, אָהנע מאסקעס
און פערשטעלונגען. טרויעריג און פינסטער איז אָבער
דער שיקזאל פון דעם מענשען, וואס זיין ארט לעבען
ברייננגט איהם אז ער מוז זיך פערשטעלען און פער־
מאַסקירען, כדי מען זאָל חלילה ניט דערקענען, ווער
ער איז און וואס ער איז, און ער מוז זיין גאנצען לעבען
זיין א דו־פּרצופים־דיגער, מיט צוויי פערשיעדענע
פּנים'ער.

מיר האָבען נאָך ניעמאלס אין אונזער לעבען גע־הערט, אז פראנצויזישע, דייטשע אָדער ענגלישע דיכטער זאָלען זינגען צו זייער פאָלק מיט אזא נוסח :

זיי א מענש אין גאס
און א דייטש צו הויז.

אָדער :

זיי א מענש אין גאס
און א פראנצויז צו הויז.

ווען דיא דיכטער פון דיא אומות העולם וואָלטען דאס טהאָן, וואָלטען זיי געלינטשט ווערען פון זייערע אייגענע ברידער, דיא דייטשען אָדער פראנצויזען פאר אזא בעליידיגונג, וויא דיא שווארצע ניגערס אין דיא סאָוטה פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, ווען זיי בע־ליידיגען דיא וויסע בירגער...

און פון אונזער גרויסען דיכטער און אונשטערב־ליכען פאָעט, יהודה ליב גאָרדאָן, האָבען מיר גע־הערט אזא זמר :

„היה אדם בצאתך
ויהודי באהלך“.

דאס הייסט :

זיי א מענש אין גאס
און א איד צו הויז.

אָ הימעל ! וויא פיעל בעליידיגונג און ערניעדריגונג, וויא פיעל שפּאָט און שאנדע עס ליעגט אין דיעזען אויסדריק, וועלכער טהיילט אָפּ דעם יהודי פון אדם, דעם אידען פון מענש. עס קומט גאָר אויס, אז דער קאָנטראסט פון דעם תלמודישען אויסדריק : „אתם קרואים אדם ולא הם קרואים אדם“, דארף נאָך אונזער פּאָעטס מיינונג זיין פונקט פערקעהרט : „הם קרואים אדם ולא אתם קרואים אדם.

דאס הייסט, אלע פעלקער, אלע נאציאנען זיינען מענשען נור מיר אידען זיינען קיינע מענשען, מיט אנדערע ווערטער : אונזער אונמענשליכקייט, דאס הייסט דאָס יודענטהום, זאָלען מיר האלטען פערשפּארט אין הויז, און אין גאס זאָלען מיר אָנטהאָן יאסקעס און פערשטעלען זיך כלומר׳שט פאר מענשען.

אָ אָרימע אונגליקליכע מאסקענטרעגער ! שלימ־מזל׳דיגע צוויי פּנים׳דיגע ברואים ! ניעדעריגע פערשטעלטע דו־פּרצופים׳דיגע ! וויא שרעקליך אונזער לאגע איז !

ווען אונזער הייליגער געזעצגעבער, משה בן עמרם, וועלכער האָט אונז געגעבען, אין גאָט׳ס נאָמען אין זיין תורה, דעם טיטול : „רק עם חכם ונבון הגוי הזה“. דאס הייסט, אז „דיא נאציאָן איז א

קלוגע און פערשטענדיגע", ווען דיעזער גרויסער, אונ־שטערבליכער מאן וואלט יעצט אויפשטעהען פון זיין קבר און זעהען און לעזען, וואס דער קלוגער און פער־נינפטיגער נאציאנס־דיכטער דיכטעט, אז ער טהיילט גאר פארנאנדער די צוויי בעגריפען פון איד און מענש, וואס פאר א שרעקליכען איינדרוק עס וואלט מאכען אויף איהם !

דיעזער נארישער בעגריעף פון קענען אפטהיילען דעם אידען פון דעם מענשען, האט ביי אונז בעשא־פען זאנדערבארע נעמען, וועלכע קיין נאציאן אין דער וועלט קען זיי צומאל ניט בעגרייפען. האט איהר ווען געהערט אין אייער לעבען, מענשען זאלען זיך רופען מיט דיא נעמען : „פראנצוויזישע דייטשען", „דייטשע פראנצויזען", „איטאליענער טערקען", „טערקישע רוס־סען" אדער „רוסישע ענגלענדער" ? איך בין זיכער און פעסט איבערצייגט, אז איהר האט אזעלכע נעמען ניעמאלס געהערט.

און מיר בני ישראל, דער „עם הנבחר", האבען ערפונדען נייע מינים סארטען ברואים מיט זאנדער־בארע אונטערגעשלאגענע נעמען : דייטשע יהודים, רוסישע אידען, פאלנישע איזראליטען, און ז. וו.

איבערהויפט קלינגען דיא נעמען זעהר ווילד און

בארבאריש היער, אין דיעזעם געבענשטעם פרייעם לאנד פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, אין אמעריקא. דאָ, אין דיעזע הערליכע גרויסע רעפובליק, וועמעס קאָנסטיטוציאן בעפרייט איהרע נייע בירגער פון זייערע אלטע פערשקלאפטע קייטען, פון דעם יאך פון מאָנארכען מיט אלע געקרוינטע קעפּ, דא אונטער דעם שוץ פון דער ליעבער און מעכטיגער פאָהן פון דיא ליכטיגע שטערען און הערליכע שטרייפען, דאָ זיך צו־טהיילען אויף הונדערטע טהיילען נאָך אונזערע געבורטס לענדער, שטעדט און שטעדטלעך? — ניין, מיינע ברידער! דאָ זיינען מיר קיינע דייטשען, רוססען און עסטרייכער; דאָ זיינען מיר אלע גלייכע אידען, מיט גלייכע רעכטע, וועלכע מיר האָבען ערוואָרבען. און מיר האָבען דאס גליק דאָ זיך צו רופען אמעריקאנער בירגער!

פערפלוכט זאָל זיין דיא נאָכקרימונג (חקוי), וועלכע האָט בעשאפען דיא נארישע אסימילאציאן, זיא האָט אונז פערביטערט און פערפינסטערט דאס לעבען, זיא האָט אונז געמאכט פאר גייסטיגע קריפּעלס, וועלכע זיינען נור פאסיוו, „נפעלים" און ניעמאלס אקטיוו, „פועלים". מיר אליין האָבען ניט און זיינען ניט פעהיג צו האָבען אן אייגענע ווילענס־קראפט, נור מיר מוזען אימער אין אלעם נאכאהמען, נאָכמאכען

דיא נאציאנען, צווישען וועלכע דער שיקזאל האָט אונז צופעליגער ווייזע אריינגעשליידערט. דיא אסימילא־ציאָן האָט אונז געמאכט פאר פערשטעלטע דייטשען, פראנצויזען, רוסען און זאגאר פּאָלאקען, אָבער קיינע אידען, אפילו צו הויז אויך נים. דער סך הכל איז, אז מיר זיינען ניט געווארען קיינע מענשען און קיינע אידען, נור כל מיני ברואים, פערשטעלטע און פער־מאסקירטע אין פערשיעדענע מאסקעס מיט נארישע נאכאהמונגען.

איך וואָלט וועלען פרעגען אונזערע זאָגענאנטע אסימילאטאָרישע חכמים, וואָס וואָלטען זיי געטהאָן, ווען זייערע עלטערען וואָלטען, דורך א צופאל, געבוי־רען געווארען אין האָטענטאָטען לאנד, אָדער אין טיעף סיביר ביי דיא עסקימאָסען, אָדער ביי דיא קאלמיקען, וואָס וואָלטען זיי דאמאָלס געטהאָן ? — וואלטען זיי דאן זיך אויך געקרוינט מיט דיעזען ליעב־הארציגען נאָמען : „האָטענטאָטען אָדער קאלמיקען בני דת משה“, זאָ וויא דיא ווארשעווער „פּאָליאקי מאָיסעיוואַ זאקאָנא“ ? !....

וויא דום און אונלאָגיש דאס איז. ריכטיג וויא דער נאָמען „ראובן“ אָדער „קארעל“, „פנחס“ אָדער „קאָנדראט“ נעהמט ניט ארויס דעם מענשען פון דער

מענשהייט, דאס זעלבע מאכט ניט דער נאָמען „פראנ־צויז", „דייטש", „רוס" און „איטאליענער", קיין ווירקונג אויף דעם וואס טראגט דיעזען נאָמען אין בעצוג דער מענשהייט אין אלגעמיין.

וויא נאריש וואָלט געווען, ווען דער דיכטער וואָלט זינגען צום ביישפיעל :

זיי „ראובן" צו הויז
און א „מענש" אין גאס.

דאס זעלבע נארישקייט ליגט אין דער פראזע :

„היה אדם בצאתך
ויהודי באהלך".

דיא רעפארמער, וועלכע האָבען געמאכט רעפאר־מען, ביי אלע נאציאנען און אין אלע צייטען, ווערען איינגעטהיילט פון דעם וויסענשאפטליכען שטאנד־פונקט אין צוויי טהייל : איינע זיינען דיא גרויסע גבורים, דיא העלדען, דיא צווייטע — דיא חכמים, די געלעהרטע.

פיאָטער דער גרויסער, אלס גרויסער העלד, האָט געמאכט גרויסע רעפארמען אין רוסלאנד, און דיא ענציקלאָפעדיסטען, רוסאָ, וואָלטעיר און ד. ג., אלס גרויסע געלעהרטע, האָבען געמאכט רעפארמען אין פראנקרייך. דיא ערשטע, דאס הייסט דיא גבורים, האָ־

בען רעפארמירט דאס פאלק פון אויסענווייניג, און דיא צווייטע האבען געמאכט זייערע רעפארמען אינע־ווייניג, אדער ווען מיר זאלען זיך אויסדריקען מיט דעם פאעט׳ס שפראך, וועלען מיר אזוי זאגען : פיא־טער דער גרויסער רוסי האט רעפארמירט רוסלאנד בצאתו, און וואלטעיר, דער גרויסער פראנצויז, האט רעפארמירט פראנקרייך באהלו.

דיא ערשטע סארט רעפארם איז געוועזן בלויז א פערשטעלונג, מיט נאכאהמונג און מאסקעס האט מען געוואלט רעפארמירען דאס פאלק. מען האט אנגעטהאן דיא ליליפוטען (גמדים) דיא קליינע מענשעלאך, אין קליידער פון גיגאנטען (ענקים), פון ריזען. דיא ענדע איז, אז דיא ליליפוטען בלייבען דיא זעלבע קליינע מענשעלאך וויא זיי זיינען געוועזן, און דיא קליידער פאסען אויף זיי, וויא דער פוילישער פאט־ריאטיזמוס אויף דיא ווארשעווער יהודים.

מיר אידען מוזען דעם ענן, דעם וואלקען פון נאכאהמונג אראפנעהמען פון אונזער משכן, דאס הייסט, וואו מיר וואהנען, דארט וועלען מיר געהן פארווערטס.

„ובהעלות הענן מעל המשכן יסעו בני ישראל בכל מסעיהם". ווען מיר וועלען דעם פינסטערען וואל־

קען פון אסימילאציאן ארונטער נעהמען פון אונז, און מיר וועלען זיך ניט לאזען רעפארמירען מיט דעם בצאתו, נור מיר וועלען אויפוועקען דעם אינערלי־כען אידישען נאציאנאלען פייער פון באהלו, דאן ואש תהיה לילה בו לעיני כל בית ישראל בכל מסעיהם, און מיר וועלען זיין אידען בצאתנו ובאהלנו אין גאס און אין הויז, און מיר וועלען אויס־רופען דעם אלטען אויסרוף:

חזק חזק ונתחזק!



# ויקרא

## מרדכי היהודי.

דיא היסטארישע בעדייטונג פון פורים. — פאר וואָס מרדכי האָט זיך ניט געוואלט בוקען צו המן ? און ווארום אסתר האט ניט אויסגעזאגט פון וואס פאר א פאלק זיא שטאמט.

דיא געשיכטע פון פורים אָדער וויא זיא רופט זיך „מגלת אסתר", האָט געהאט א מערקווירדיגען מזל. אין דער צייט וואָס אייניגע קריטיקער זיינען אויף איהר ארויפגעפאלען מיט כעס און האָבען זיך געטשעפעט צו איהרע הויפט העלדען, האָבען איהר מאנכע אידישע היסטאָריקער גאָר ניט אנערקענט אלס געשיכטע. זיי האָבען אין ערגעץ ניט געקענט געפינען ווער אחשורש איז געווען און ווען דאָס האָט פאסירט. אונזער גרויסער היסטאָריקער גרעץ דערמאָנט קיין וואָרט ניט וועגען דער גאנצער פעריאָדע. ביי איהם אין דיא אויגען האָט דאָס אפילו אלס לעגענ־

דע ניט פערדיענט קיין פלאץ אין דער „געשיכטע פון דיא אידען“, וועהרענד ער האט אין אנדערע פלעצער פיעל געבויט אויף אמת'ע לעגענדען, אויף בבא מעשיות וואס האבען זיך ארומגעטראגען צווישען פאלק.

פון דיא קריטיקער איז דער שארפסטער ישר רי־דזשיא אין זיין ספר „מפתח למגלת אסתר“. דארט גיעסט ער אוים זיין גאנצע גאל אויף מרדכי'ן, דערפאר וואס ער האט זיך אזוי איינגע'עקשן'ט און האט זיך ניט געוואלט בוקען פאר המן'ען און האט דורך זיין נארישקייט געבראכט א געפאהר און א טויט שרעק אויף זיך און אויף אלע זיינע ברידער. אסתר וויעדער האט זיך אין דיא אויגען פון דיעזען גרויסען קריטיקער שטארק פערזינדיגט וואס זיא האט באלד פון אנהויב ניט געזאגט ווער זיא איז און פון וואס פאר פאלק זיא שטאמט.

ווער איז ער געווען דער אחשורוש ? פרעגען דיא היסטאריקער, וועלכע האלטען ניט פון מגלת אסתר און פסל'ען איהר דערפאר אלס געשיכטליכע פאסירונג.

מיר קענען דארויף ענטפערן מיט אן אנדער פרא־גע : וואס איז אזוינס געשיכטע ? אויף וואס איז זיא מייסטענטהיילס געבויט, אויב ניט אויף טראדי־ציאן — דאס וואס געהט איבער פון מויל צו מויל פון

איין דור צום אנדערען ? נון, אויב אזא ערצעהלונג וואס דאס אלטע אידישע פאלק האט אריינגעפלאכטען צווישען זיינע הייליגע ספרים איז קיין געשיכטע ניט; אויב דיא טראדיציאן וועלכע זאגט אן אז דיא טעג זאלען בלייבען אלס אנדענקען אין יעדען דור, ביי יע־דער משפחה, אין יעדער מדינה און אין יעדער שטאדט, און דיא דאזיגע טעג פון פורים וועלען ניט אבגע־שאפט ווערען פון דיא אידען און זייער אנדענקען וועט ניט אפשטארבען ביי זייערע קינדער און קינדס קינדער, (והימים האלה נזכרים ונעשים בכל דור ודור משפחה ומשפחה, מדינה ומדינה ועיר ועיר, וימי הפורים האלה לא יעברו מתוך היהודים וזכרם לא יסוף מזרעם); אויב אזא בעריהמטע פאסירונג, מיט דעם נאמען פון דעם פלאץ, וואו דאס האט געטראפען מיט דיא נעמען פון דיא העלדען, וועלכע האבען אין איהר געשפיעלט א ראלע, — אויב אזא פאסירונג זאלל ניט האבען קיין היסטארישע בעדייטונג, דאן מוז מען קומען צום בעשלוס אז אלעס, דיא גאנצע היסטא־ריע פון דעם מענשליכען פראגרעס איז ניט נור ליגען, נור עס האט קיין בעדייטונג, קיין פראקטישען ווערטה.

און דיא שארפקייט פון דעם קריטיקער רידזשיא איז אויך לייכט בייצוקומען. זיין פראגע וועגען מרדכי'ן איז קיין נייעס ניט; דיא תלמודיסטען

האָבען עס פאַר איהם געפרעגט, אַט וואָס זיי זאָגען:

„וכי קנתרן היה מרדכי ועובר על גזרת המלך? אלא כשצוה אחשורש להשתחות להמן חקק עבודה זרה על לבו ונתכוון כדי שישתחוו לע"ז, כשהיה רואה המן שאין מרדכי משתחוה לו נתמלא חמה, ומרדכי אומר לו: יש אדון המתגאה על כל גאים ואיך אניחהו ואשתחוה לע"ז?"

אויף פּראָסט אידיש הייסט עס: צו איז מרדכי געוועזן א בונטאָוושטשיק און האָט ניט געוואָלט פאָלגען דעם בעפעהל פון קעניג? נאָר דיא מעשה איז אזוי געוועזן: בשעת אחשורש האָט אָנגעזאָגט מען זאָל זיך פערנייגען פאַר המן׳ען האָט דער צורר אויסגעקריצט אן עבודה זרה אויף זיין הארץ. דיא כונה זיינע איז געוועזן, מען זאָל זיך בוקען צו דער עבודה זרה; און אז המן האָט געזעהן, אז מרדכי בוקט זיך ניט צו איהם, איז ער געוואָרען מלא רציחה. נאָר מרדכי האָט איהם געזאָגט: עס איז דאָ א העררר וואָס איז גרעסער און שטאָלצער פון אלע גרויסע און שטאָלצע; וויא זשע זאָל איך איהם לאָזען און זיך בוקען צו דער עבודה זרה?!

אונזערע חכמי התלמוד האָבען דיעזען ענין בעטראכט מיט א טיעפערען בליק וויא דער קריטיקער ישר רידזשיאָ. זיי האָבען גאַנץ גוט פערשטאַנען מרדכי׳ס פּראָטעסט מיט דעם וואָס ער האָט זיך ניט

געוואלט פערבויגען פאר ויזתא׳ס טאטען. דאס איז
ניט געוועזן קיין עקשנות און ניט קיין שטאלץ, ניין.
מרדכי האט דערמיט בעוויעזען וואס פאר א קלוגער
מענש ער איז געוועזען. ער האט פערשטאנען וויא
אונגליקליך עס איז דיא רעגירונג, וועלכעווערט בע־
הערשט פון דעם גלויבען, וועלכע ווערט פון איהם גע־
פיהרט. דיא אמונה, האט ער געוואוסט, איז א הי־
מעלס־קינד; איהר געהערט אלזא דער הימעל. אבער
דיא ערד בעלאנגט צו דיא מענשען און זייער רעגירונג
דארף זיין א מענשליכע.

ניט געגען המן׳ען האט מרדכי רעוואלטירט, נאר
געגען יענע פינסטערע הערשאפט, געגען א רעגירונגס־
סיסטעם, וועלכער איז אונז, רוסישע אידען גאנץ גוט
בעקאנט. האבען מיר דען אליין ניט געהאט אן
אחשורש — אלכסנדר דעם דריטען, ביי וועמען אין
פאלאץ עס איז אויך געווען „והשתיה כדת“ ? . . .
און האט ער דען ניט געהאט א המן — דעם צורר פאָ־
ביעדאָנאָסצעוו, פון וועמען ער האט זיך געלאזט פיהרען
און פערפיהרען, פונקט וויא דער טפש אחשורש ?...

אויך צו אסתר׳ן קען מען גאר ניט האבען פאר
וואס זיא האט ניט אויסגעזאגט צו וואס פאר א פאלק
זיא געהערט. איהר פעטער מרדכי האט איהר אזוי גע־
הייסען און זיין ווארט האט זיא געהאלטען הייליג.

און אויך אין דעם האט מרדכי געהאט א גרויסען ציעל ער איז געווען אן אמת׳ער איד, אן אמת׳ער נאציאנא־ליסט. פאר אסימילאציאן האט ער געציטערט וויא פאר פייער. וואס וואלטען דיא פראסטע אידען פון פערסיען געזאגט, ווען זיי דערוויסען זיך, אז דער פרו־מער, דער צדיק מרדכי האט ערלויבט זיין פלימעניצע, וועמען ער האט ערצויגען וויא אן אייגען קינד, צו ווע־רען דיא פרוי פון דעם קעניג אחשורש? זיי וואלטען לאנג ניט געטראכט און חתונה געמאכט זייערע טעכ־טער מיט דיא קינדער פון דיא גוים, און דאס וואלט פערניכטעט דיא אידיישע נאציאן. דארום האט אסתר פערשוויגען איהר אבשטאמונג. נאר דאן, ווען עס איז שוין קיין שום אויסוועג ניט געווען, ווען דער חלף איז געלעגען אויפ׳ן האלז, דאן האט זיא געבעטען פאר זיך און פאר איהר פאלק „תנתן לי נפשי בשאלתי ועמי בבקשתי“.

* * *

דא היער אין אמעריקא, האבען ליידער געזיעגט דיא קריטיקער און דיא מאדערנע היסטאריקער. דער פראכט און גלאנץ פון דעם אלטען היסטארישען און פרעהליכען יום־טוב פורים איז פערשוואונדען. אלע גע־שעפטען זיינען אפען, דיא שוהלען זיינען ליידיג, אוי־סער וואס דיא עלטערע „גרינע“ אידען קלייבען זיך

אויף צו הערען דיא מגלה, וועלכע דער בעל־קריאה לייענט מיט דעם אלטען אומעטיגען מאנאטאנעם ניגון, עהנליך צו דעם ניגון פון „איכה“ און מען געהט אהיים מיט א ביינקעניש פון דער נשמה נאך דיא קלאנגען פון „שושנת יעקב“ מיט דער „פורים׳דיגער סעודה“, וועלכע איז שוין באלד בלויז א היסטארישע, א זאך פון דער פערגאנגענהייט.

עראינערט זיך, ליעבע לעזער, אייערע קינדערשע יאהרען, דיא „חדר“ יאהרען; עראינערט זיך דעם חדש אדר, ווען דיא טעג זיינען געווארען גרעסער, דיא נעכט קלענער, דיא ליעבע זון האט ארייגעשיקט איהרע ערשטע ווארימע ליכטיגע פריהלינגס ישטהאהלען אין אונזער קליינע פערפראָרענע שטעטעל, און זיי האבען אויך דערגרייכט אין אונזער ענגען פינסטערן חדר. מיר זיינען געוועזען פערשפארט יעדען טאג פון אכט אוהר אין דער פריה, ביז צעהן אוהר אבענדס און געבראכען אונזערע קליינע יונגע קעפעלאך איבער דיא טרוקענע גרויסע תלמודישע סוגיות, וויא „רבי חנינא סגן הכהנים“, מיפך והזמה“ אדער „רכוב ומנהיג“, צו־זאמען מיט דעם אויסגעדארטען ארימען טרוקענעם רבי ; פינף מאנאטען נאכאנאנד, פון דעם מבול אין פרשה נח ביז דיא קרבנות אין פרשה ויקרא, אהנע לופט, אהנע ליכט און אהנע איין פונק פון פאעזיע,

וואָס איז אזוי נאָטהווענדיג פיר יונגע קינדערשע הערד־צעלאָך !

וויא א מלאך גואל ומושיע האָט אריינגעשיינט דער חדש אדר. ער האָט אונז פשוט מחיה געווען. מיט זיינע גרויסע טעג, מיט דער מילדער לופט און מיט זיינע ליעבע בשורות פון דעם פריהלינג, וואָס קומט אָן. עפעס דער רבי האָט זיך גאָר איבערגעביטען, זיין פינסטערער פנים איז ליכטיג געוואָרען, ווען ער האָט אונז אָנגעזאָגט דיא גוטע בשורה, אז מיר וועלען אויפ־הערען צו לערנען אין אבענד, און גלייך נאָך „מנחה" קענען מיר געהען אהיים.

און וויא דער רבי אזוי אויך דיא למודים־געגענ־שטענדע האָבען זיך געביטען. אנשטאָדט דיא גרויסע גמרות, האָבען מיר אונזערע חומשים געעפענט אום דיא „מגלת אסתר" צו לערנען. אָבוואָהל מיר האָבען נאָך געדיינקט דיא גאנצע געשיכטע פון פאר־יאָהרען, דאָך האָבען מיר אזוי הנאה געהאט פון מרדכי און אסתר'ס גרויסקייט מיט המן'ס און זרש'ס מפלה, אזוי וויא עס וואָלט ערשט היינט געשעהן. ווער רעדט נאָך, אז דער רבי האָט מיט אונז אָנגעפאנגען צו לערנען דיא שעהנע פאנטאסטישע ערצעהלונגען פון „תרגום־שני", דאמאָלסט האָבען מיר פשוט אָפגעלעבט. מיר זיינען גאָר אין אן אנדער וועלט אריין. מיר האָבען געשוואר־

מען אין א ים פון פּאָעזיע און פאנטאזיע וויא פישעלאך
אין וואסער. מיר האָבען אויסגעבאָדען און אָפּגע־
פרישט אונזערע פארטריקענטע נשמות, און מיר זיינען
ניי געבאָרען געוואָרען.

און אָט איז דער פרעהליכער פורים אליין דאָ!
עס איז יום־טובדיג אין גאס. יום טוב׳דיג אויפ׳ן האר־
צען און פרעהליך אין שוהל און אין הויז. עס הערען
זיך דיא קלינגענדע מעלאָדיען פון „שושנת יעקב צהלה
ושמחה“. דער חזן דאווענט, דאכט זיך, דיא וואָכענ־
דיגע שמנה עשרה, אָבער גאָר מיט אן אנדער טאָן,
אויסגעמיישט מיט דעם „קרובץ לפורים“, א צוגאָב צו
דער תפלה. און וויא דיא נאטור אליין וואלט זיך מיט־
פרעהען אין א יום־טוב׳דיגער שטימונג גלייך מיט אונז!
דער הימעל איז לויטער־בלאָה, דיא זון שיינט, פון דיא
דעכער קאפּען ארונטער גרויסע קריסטאָלענע טראָפּענס
פון דעם צוגאנגענעם שנעע, און דיא לאנגע שטיקער
אייז שיינען וויא דיאמאנטען געגען דיא שטראהלען
פון דער פריהלינגס זון. אין דיא גאסען הייבען אָן צו
זשומען דיא לוזשקאלאך וואסער מיט א זיסען קלאנג.
און דאָרט אין דיא גרויסע גאס, זעהען מיר שוין דיא
קאָמפּאנים פורים־שפּיעלער, וועלכע געהען אין דיא
רייכע הייזער פאָרשטעלען דעם פורים־שפּיעל; זיי
געהען עס זאמלען געלד אויף „מעות חטים“, אָדער

פיר אָרימע פאמיליעס. דיעזע פורים שפיעלער זיינען עס געווען דער איינציגער אידישער נאציאנאלער גלות טהעאטער אין דער גהעטא, און אויך אויף איהם האָט דער גלות זיין שטעמפעל געלייגט. אין דעם פורים־שפיעל זעלבסט האָבען מיר געזעהן דיא גלות בעגריפען פון דיא אידישע העלדען. המן הרשע האָבען זיי פאָרגעשטעלט אַ שטארקען, יונגען, שעהנעם מיליטערישען גענעראל, רייך און שעהן געקליידעט, און מרדכי היהודי האָבען זיי פאָרגעשטעלט אַן אלטען איינגעבויגענעם אידען, אין צוריסענע קלייהדער, מיט אַ קודלעוואטען באָרד פון ניט אויסגעבארשטענען פלאקס מיט האלב בלינדע פערלאָשענע אויגען. פשוט טאקי אַ „מאנדרויש“, ווי דער פערשטעלטער המן פלעגט איהם רופען.

אַ אָרימע גלות קינדער! קיין אנדער בעגריף האָבען זיי ניט פון זייערע גרויסע אידען נור מיט פערקריפעלטע קערפערס און צובראָכענע גליעדער, ווייל דער לאנגער גלות האָט צובראָכען זייער העלדען־גייסט פון דוד, איוב און דיא מאקאבייער.

דאָ און דאָרט זעהען מיר בחורים און יונגע קינדער טראָגען דיא „משלח־מנות“ פון איין הויז אין דיא צווייטע. פרעהליך און לעבעדיג טראָגען זיי דאָס אין דיא צוגעדעקטע טעלער מיט טאשען־טיכלאך, קיינער זאָל דאָס ניט זעהן. אין דעם ליעגט אויך דער וואהר־

רעך אידישער גייסט פון „צדקה" ניט פון דיא סייענ־טיפיק־טשאריטי, נור פון דעם ריכטיגען „מתן בסתר" צדקה, אָהנע „אפּליקיישענס" און „אינוועסטיגיישאָנס" איינפאך דער רב אָדער דער מלמד שיקט דעם **בעל הבית** אן אפּעלסין מיט א ציטראָן פיר 5 קאָפּיקעס און דער בעל הבית שיקט אָפּ צוריק 5 אָדער 10 רוב., קיינער זאָל דאָס ניט וויסען נור דער געבער מיט'ן נעהמער.

אָ, דו הייליגער „מתן־בסתר" גייסט, דו ביסט פערשוואונדען פון אונז גלייך מיט דעם ליעבען פרעה־ליכען פּורים!

וועלען מיר אייך בעקומען נאָך אמאָל? ווען? גאָט ווייס!

---

„חייב אינש לבסומי בפּוריא עד דלא ידעי בין ארור המן לברוך מרדכי".

דאָס הייסט, יעדער מענש איז מחויב צו שכור'ן פּורים ביז ער זאָל ניט וויסען קיין אונטערשיעד **פון** „ארור המן" ביז „ברוך מרדכי".

מען דערצעהלט א גוט וואָרט פון רבי **נחום** טשערנאָבילער וועגען דעם מאמר. ער האָט **געפרעגט:** וויא קען דאָס זיין? א איד, וויא שיכור, ער זאָל ניט זיין, ווען מען זאָל איהם דערמאָנען מרדכי'ן, וועט **ער** איהם געוויס בענשען, און המן'ען וועט ער שעלטען

קללות נמרצות. נור דער פשט איז גאָר עטוואס אנ־דערס. אין העברעאיש גיבט דריי נעמען פאר א מענ־שען: „איש", „אדם" און „אנוש". „איש" איז דער העכסטער סאָרט מענש; „אדם" איז דער געוועהנ־ליכער מענש, און „אנוש" הייסט דער נידעריגסטער סאָרט מענש. און דאָס מיינט עס דיא גמרא: שמחת תורה, צום ביישפיעל, דארף זיך פרעהען דער וואָס וויים פון דער תורה, דאס הייסט דער „איש" און דער „אדם", אָבער ניט דער „אינש", ווייל וואס איז דיא שמחה מיט איהם? ניט אזוי איז אָבער אם פורים, אין דעם טאָג, וואס המן בקש להרוג ולהשמיד את כל היהודים, פון דעם „איש" ביז דעם „אינש", איז אפילו דער „אינש", וואס ער וויים גאָר ניט דיא גאנצע געשיכטע פון מרדכי מיט המן, מוז אויך טרינקען און זיך משמח זיין מיט שמחת פורים.

וויא עס ווייזט, האָט רבי נחום טשערנאָבילער געפיהלט אין זיין אידישע הארץ דעם אידישען פורים מעהר וויא אונזערע היסטאָריקער און קריטיקער און איך גלויב, אז מיר אלע שטימען איין מיט רבי נחום׳ן וועגען פורים.

## צו.

„דבר אל בני ישראל ואמרת אליהם אדם כי יקריבמכם קרבן ל״ד מן הבהמה, מן הבקר ומן הצאן תקריבו את קרבנכם״ (ויקרא א. ב.)

---

„כי לא דברתי את אבותיכם ולא צויתים ביום הוציאי אותם מארץ מצרים על דבר עולה וזבח״. (ירמיה ז. כ״ב).

א פאָלקאָמענעם וויעדערשפּרוך זעהען מיר אין דיא צוויי ציטאטען. עס איז דער געגענטהייל, א קאָנטראסט אין זיך זעלבסט. משה לערנט אונז אין גאָט׳ס נאָמען צו ברייגגען קרבנות און פערנעהמט מיט דיא דינים א פינפטען טהייל פון דער תורה, דעם גאנ־צען חומש ויקרא, דער „תורת־כהנים״ רופט איהם דער תלמוד. מיט א טיעפען זינן האָבען איהם דיא תנאים און אמוראים שטודירט און מיט גרויס געלעהר־זאמקייט האָבען זיי בעטראכט און בעאָבאכטעט יעדעס וואָרט און זיי האָבען פערפאסט גאנץ גרויסע טראקטא־טען, אן אונגעהייערע גרויסע ליטעראטור וועגען דעם.

און וויא איבערראשט ווערען מיר אז מיר זעהען ירמיהו הנביא׳ס ווערטער:

„כי לא דברתי את אבותיכם ולא צויתים... על דבר עולה וזבח״.

דאָס הייסט: „איך האָב ניעמאלס גערעדט מיט אייערע עלטערן און איך האָב זיי ניט בעפוילען וועגען קרבנות“.

א מערקווירדיגער קאָנטראסט!

איך געדענק נאָך ווען איך בין אלט געווען 8 יאָהר און האָב געלערענט ביי׳ן רב׳ן אין חדר, וויא ער האָט מיך געמאטערט און געפּלאָגט מיט דיא טרוקענע דינים פון א „קרבן חטאת“ און אן „עולה“ וועלכע געהערט צו דיא כהנים און מיט וועלכע מיין יונגער מח׳ל און קליינע הערצעלע האָבען ניט שטארק סימ־פּאטיזירט. א ווילדע בייגקעניש האָב איך און מיינע חברים׳לאך בעקומען נאָך דיא שעהנע פאנטאסטישע און ערהאבענע ווינטערדיגע סדרות פון בראשית און שמות, זעהר טרוקען און ניט אינטערעסאנט איז גע־ווען ביי אונז דער למוד א גאנצען טאָג, דעם חומש מיט רש״י, וועגען דיא קרבנות. מיט אונגעדולד האָ־בען מיר געציילט דיא מינוטען ווען עס וועט ווערען 4 א זייגער נאָך האלבען טאָג ווען מיר וועלען צו־מאכען דיא חומשים, און נעהמען לערנען **נביאים**. וויא טראָפּענס טהוי אויף בלומען און ראָזען ווען זיי ווערען פערדארט און פערוועלקט פון דיא שטראהלען פון דער זונן אזוי האָבען געווירקט אויף אונז דיא רייד פון דיא נביאים נאָך דעם טרוקענעם למוד.

צופעליגערווייזע האָבען מיר געלערענט אין דער זעלבער וואָך פון „ויקרא“ דעם קאפּיטעל ז׳ אין ירמיה.

שטעלט אייך פאָר וואָס פאר א ווירקונג עס האָט אויף אונז געמאכט דיעזער פּסוק פון ירמיה; מיר האָבען אָנגעקוקט דעם רבי׳ן מיט אונזערע קליינע אויגעלאך מיט פערוואונדערונג און אויף אונזערע ליפּעלאך איז געלעגען דיא פראגע:

„רבי וואָס איז דאָס? איהר הערט וואס ירמיה זאָגט: „אז גאָט האָט גאָר ניט געהייסען אונזערע עלטערען צו ברייננגען קרבנות“ און איהר האָט אונז א גאנצען טאָג געלערענט אָט דיא דאָזיגע טרוקענע דינים וועגען אָקסען און שעפּסען, רבי, וואָס איז דאָס? וואו איז דער אמת אין חומש אָדער אין ירמיה?“

דער רבי איז געבליעבען זיצען אביסעל צוטומעלט אָהן ווערטער, ער האָט זיך שטארק פערקלעהרט, נאכהער האָט ער אונז געענטפערט „איהר זייט נאָך קליין און יונג איהר טאָרט קיין קשיות פרעגען, איהר וועט עלטער ווערען וועט איהר אלעס וויסען“.

מיר האָבען געשוויעגען און געווארט ביז מיר וועלען עלטער ווערען.

איך בין עלטער געוואָרען, איך האָב נאָך מעהר

שטודירט דיא נביאים און מיין פראגע איז נאָך שטאר־קער געוואָרען.

איך האָב מיר פאנטאזירט, אז איך בין אין ירושלים פאר א יום טוב איך שטעה אויף דעם בארג ציון. דער בית המקדש גלענצט פאר מיינע אויגען מיט זיין פולען פראכט און גלאנץ; דיא גאסען זיי־נען פול מיט דיא „עולי־רגל“, דיא קאָנטרי־לייט, וועל־כע קומען פייערן דעם יום טוב אין ירושלים, גאנצע סטאדעס אָקסען און רינדער, טשערעדעס באראנעס און שעפּסען ווערען געטריעבען פון זייערע פאסטוכער צו דעם הר הבית אום צו אָפּפערן זיי פיר קרבנות אויף דעם מזבח, יעדער גוט־בעזיצער שטאָלצירט און געהט נאָך מיט א צופריעדענעם שמייכעל אויף זיין געזיכט ווען ער זעהט אז ער האָט געבראכט מעהר עוֹלות וויא זיין נאכבאר, מיט דיא זעלבע צופריעדענ־הייט וויא מיר זעהען היינט סוכות אין שוהל צו הושענות וויא דער גביר ר׳ טרייטעל דער וואָכערניק געהט ארום דער בימה צו הקפות און האלט מיט שטאָלץ זיין קארפירער אתרוג, אָדער וויא דער גאון מלבי״ם האָט איהם גערופען דער קארפירער ממזר, און מיט פיעל גאוה קוקט ער אראָפּ אויף אַלע וואָס געהען נאָך איהם און צייגט דעם אתרוג מיט אזא שטאָלצע מינע וויא ער זאָל זאָגען: „זעהט, איהר

מעגט זיך שעהמען, מיין אתרוג איז מעהר מהודר פון אלע אייערע אתרוגים".

מאסען, מאסען ציהען זיך מיט זייערע מענגעס אָקסען, רינדער און שעפּלאך צו דעם הר הבית אויף וועלכע עס זיינען געשטאנען דיא כהנים מקבל פּנים צו זיין.

אן דער שפּיצע פון דער מחנה כהנים שטעהט דער אלטער כהן און נביא, דער גרויסער אידישער פּאטריאָט און אונשטערבליכער מקונן ירמיהו בן הלקיהו פון דער שטאָדט ענתות און בעטראכט דיא אָנקומענדע עולי רגל מיט זייער מענגע קרבנות, מיט זיין טיעפען פּסיכאָלאָגישען בליק קוקט ער אריין טיעף טיעף אין זייערע נשמות און זעהט וויא דיא מענשען זיינען פערווירט און דום צו מיינען אז מיט זייערע קרבנות שטעלען זיי גאָט צופריעדען, און וויא באלד אז גאָט איז שוין צופריעדען מיט זיי, דאן וואָס קי־מערט זיי דיא מענשען? וואָס ארט זיי פיר דיא אָרימע לייט וועלכע ליידען הונגער און וואָלטען זיך מחיה זיין ווען זיי וואָלטען בעקומען א קליינעם טהייל פון דיא רינדער מיט דיא שאָף וועלכע זיי פערברענען אויף דעם מזבח!

דיעזער געדאנק האָט ערמונטערט דעם פּראָפעט

און מיט שטאָלץ האָט ער אויפגעהויבען זיין ווייסען קאָפּ מיט דער שעהנע לאנגע זילבערנע באָרד, און מיט א דונער־שטימע האָט ער אויסגעשריען צו דעם פאָלק:

„כה אמר ד' צבאות אלהי ישראל
עולותיכם ספו על זבחיכם ואכלו בשר!"

אזוי האָט גאָט צבאות געזאָגט, דער גאָט פון ישראל, נעהמט אייערע עולות וועלכע איהר ווילט פערברענען אויף דעם מזבח, און מאכט פון זיי שלמים, דאן וועט איהר און דיא אָרימע ברידער אייערע עסען פלייש. און ערקלעהרט זיי ווייטער אָפען, אז גאָט האָט ניעמאלס פערלאנגט קרבנות, און אז דיא גאנצע פרינציפען פון יודענטהום זיינען בלויז גוטעס צו טאָהן פיר דער מענשהייט.

אָבער דיא פראגע בלייבט דאָך וועגען דעם קאָנ־טראַסט פון ירמיה דעם נביא און כהן צו תורת כהנים דעם גאנצען חומש „ויקרא" וועלכער ענטהאלט אין זיך נור דיא דינים פון קרבנות.

דיעזע שווערע פראגע האָט פערענטפערט דער גרויסער געטליכער אידישער פילאָזאָף ר' משה בן מימון (רמב"ם) אין זיין אונשטערבליכען ספר דער „מורה נבוכים" אין דעם צוויי און דרייסיגסטען פרק אין דעם דריטען טהייל.

דאָרט ערקלעהרט ער דעם גאנצען ענין פון

קרבנות אז דאָס ליעגט אין דעם איין פסוק:

„לוא יזבחו עוד את זבחיהם לשעירים
אשר הם זונים אחריהם" (ויקרא י"ז, ז'.)

דאָס הייסט אז גאָט האָט ערקלעהרט משה'ן אז דער גאנצער טעם פון דיא קרבנות איז אום דאָס פאָלק זאָל מעהר ניט ברייגגען קיין קרבנות צו דיא אָפּגע־טער אָדער דיא טייפלען צו וועלכע זיי זיינען געווען איינגעוואָהנט נאָך אין מצרים אָבער אייגענטליך איז ריכטיג וויא ירמיה האָט אונז געלערענט אז גאָט האָט ניעמאלס געדארפט פון אונז אָפּפער.

אויב אזוי, טאָ, ווארום האָט גאָט גלייך ניט בע־פאָהלען אז עס זאָל קיין קרבנות געבראכט ווערען? פרעגט דער רמב"ם אליין.

אויף דיעזע פראגע ענטפערט דער רמב"ם מיט נאָך א פראגע:

„מדוע לא נחם אלהים דרך ארץ פלשתים?" ווארום האָט גאָט דיא אידען ניט געפיהרט פון מצרים נאָך ארץ ישראל מיט דער נאָהענטער וועג דורך דיא לאנד פון פלישתים; דיא תורה ערקלעהרט אונז מיט דיא ווערטער: „כי קרוב הוא כי אמר אלהים פן ינחם העם בראותם מלחמה ושבו מצרימה", ווייל עס איז זעהר נאָהענט וואָלטען זיי זיך קענען אומ־

קעהרען צוריק נאָך מצרים אין א מלחמה צייט, דארי־
בער האָט ער זיי געפיהרט דורך א ווייטען וועג.

יעצט בלייבט דאָך דיא פראגע ווארום האָט
גאָט גלייך ניט געשטארקט זייערע הערצער, אז זיי
זאָלען גאָר ניט דיינקען וועגען מצרים? נור דיא
ווארהייט איז, זאָגט דער אידישער פילאָזאָף, אז גאָט
וויל ניט מאכען קיינע רעוואָלוציאָן אין דעם מענ־
שענס כאראקטער, ער לאָזט איהם זיך ענטוויקלען
ביסלעכווייז נאָך דעם סיסטעם פון עוואָלוציאָן און
דארום האָט ער זיי אָפּגעהאלטען אין דער מדבר 40
יאָהר אום זיי זאָלען זיך ענטוויקלען פון זיך זעלבסט.

דאָס זעלבע איז מיט דיא קרבנות, דאָס פאָלק
איז געווען ווילד, געזונקען אין זומפּ פון געצען־די־
נעריי פון דיא מצרים וועלכע פלעגען ברייגגען קרבנות
„לשעירים“ צו דיא רוחות, שדים און מחבלים; ווען
ער זאָל זיי פּלוצלונג אָפּהאלטען פון דעם איז דאָס א
שרעקליכע רעוואָלוציאָן, רוהיג, ביסלעכווייז האָט ער
זיי געהייסען זיי זאָלען ברייגגען קרבנות נור אין איין
אָרט און צו זייער איינציגען גאָט „למען לא יזבחו
עוד לשעירים“.

אָט אזוי ביסלעכווייז האָבען זיי זיך ענטוויקעלט
ביז דיא נביאים וועלכע האָבען זיי ערקלעהרט דיא

וואהרע פרינציפען פון יודענטהום, אז קיין קרבנות פערלאנגט גאָט ניט פון דעם אידען און דער גרויסער נביא דער צווייטער צו משה'ן שמואל בן חנה האָט דער ערשטער פראָקלאמירט געגען קרבנות מיט דיעזע גאָלדענע ווערטער:

„הנה שמוע מזבח טוב להקשיב מחלב אילים!“

און דער קעניגליכער דיכטער האָט געזונגען:
„זבחי אלהים רוח נשברה לב נשבר ונדכה אלהים לא תבזה!“



# שמיני

## אש זרה.

### וואָס „אש-זרה“ האָט פעראורזאכט אין יודענטהום; דיא טרויריגע היסטארישע ענטוויקלונג פון דעם ערשטען אריינברייגנען „פרעמדעס פייער“ אין אידישען לאגער.

„ויקחו בני אהרן נדב ואביהוא איש מחתו ויתנו בהן אש, וישימו עליה קטרת, ויקריבו לפני ד׳ אש זרה, אשר לא צוה אותם. ותצא אש מלפני ד׳ ותאכל אותם, וימותו לפני ד׳“.
„מחתתו, איש מעצמו ולא נטלו עצה זה מזה“.
„ותאכל אותם, שרפת נשמה והגוף קים“.
(ילקוט שמעוני.)

„קרבו שאו את אחיכם מאת פני הקדש אל מחוץ למחנה“.
(ויקרא י׳.)

דיא ערשטע הייליגע טראגעדיע לעזען מיר אין היינטיגע סדרה; א טראגעדיע וועלכע ווערט פאָר־געשטעלט נאָך ביז היינטיגען טאָג אויף דער אידישער היסטאָרישער ביהנע: אונזערע פייטנים האָבען אונז

אַנגעזאָגט אין מחזור, אַז עס איז אַ מצוה צו וויינען אויף דעם טויט פון דיא בני אהרן, ווען מיר לעזען דאָס אום יום כפור.

און דיא ריהרענדע טראַגעדיע האָט זיך נאָך ניט געענדיגט, זיא ווידערהאָלט זיך אין פערשיעדענע עפּאָכען פון אונזער געשיכטע.

פיער גערעטענע קינדער האָט אהרן, דער ערש־טער כהן גדול, געהאַט; פיער בריליאַנטען זיינען זיי געוועזען, גאָר אין זייער פּאָטער גערעטען. נדב, אביהוא, אלעזר און איתמר האָט מען זיי גערופען. ער, דער אַלטער כהן גדול, האָט זיי אַלעמען אַ גוטע און אַ הייליגע ערציעהונג געגעבען און ער האָט פון זיי גרויס נחת געהאַט.

פּלוצלונג האָט זיך אַן אונגליק געטראָפּען, אַזוי ערצעהלט אונז דיא תורה אין קורצע אָבער שטאַרקע ווערטער:

„און דיא קינדער פון אהרן'ען האָבען גענומען יעדער זיין פייער־פאַן, זיי האָבען אַריינגעלייגט אין זיי פייער און אַרויפגעשאָטען געווירץ, זיי האָבען דאָס מקריב געווען פאַר גאָט, אָבער דאָס פייער איז געוועזען אַ פרעמדעס פייער וואָס גאָט האָט דאָס ניט גע־אָרדערט. און אַ פייער איז אַרויס פון גאָט, האָט זיי

פערברענט, און זיי זיינען געשטארבען פאר גאָט".

„דיא קערפּערס זיינען גאנץ געבליעבען, נאָר די נשמות זייערע זיינען אוועק גענומען געוואָרען".

„דער אלטער פאָטער אהרן איז שטיל געבליעבען פון פיעל שמערץ, און משה האָט בעפוילען מען זאָל זיי גלייך ארויסטראָגען פון דעם הייליגטהום אויסער דעם לאגער".

דאָס פרעמדע פייער (אש זרה) האָט פערארורזאכט דיעזע שרעקליכע טראגעדיע אין אהרן'ס פאמיליע, און עס בריינגט צרות און אונגליק דעם אידישען פאָלק אין דער גאנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ עד היום הזה.

אָ, דיעזעס פרעמדע פייער, דיעזעס שרעקליכע ווילדע אש זרה! אָ, וויא גרויזאם דו ביזט, ווען מיר בעטראכטען געשיכטליך דיינע מעשים אין אונזער פיער טויזענד יאָהריגע געשיכטע!

באלד וויא דיא אידען זיינען פון מצרים ארויס האָט דער ערב־רב אָנגעצונדען דיעזעס פרעמדעס פייער, און האָט מיט גוואלד געצוואונגען אהרן'ען אויסצוגיסען דאָס גאָלדענע קאלב, אָדער א קליי־נעם אפּיס — דעם עגיפּטישען אָפּ־גאָט.

אין דער אידישער רעפּובליקאנישער עפּאָכע (תקופת השופטים) האָט געברענט דאָס ווילדע פרעמדע פייער אין יעדען שבט בעזונדער און האָט געבראכט אונגליק דעם גאנצען פאָלק, ביז עס האָט ארויסגע־שיינט דאָס גרויסע אידישע ליכט — דער צווייטער הייליגער פּראָפעט, אין דער פּערזאָן פון שמואל הרמתי. אָט דיעזער גרויסער אונשטערבליכער נביא האָט מיט זיין מאכט פערלאָשען דאָס פרעמדע פייער, מיט א גרויסען שטראָם ריינעם וואסער, וועלכער קוועלט פון דאָס ריינעם יודענטהום; ער האָט פעראייניגט אלע שבטים צוזאמען, און האָט פון זיי אלעמען געגרינדעט דאָס פעראייניגטע פאָלק ישראל.

שפּעטער אין דער תקופה פון דיא אידישע מלכים, זאָגאר אין שלמה המלך׳ס צייט, האָט זיך ווידער צו־פלאקערט דאָס ווילדע און פרעמדע פייער פון דיא פרעמדע געטער: עשתרת, מלכים, כמוש און דער גרויסער אָפּ־גאָט מלך. אָט אזוי האָט דיא "אש זרה" געקוילעט כמעט אין דער גאנצער „תקופת המלכים", און ווען אחז מלך יהודה האָט זיך געזעצט אויף זיין טראָהן, האָט ער צוגעשיקט צו אוריה דעם כהן דעם מאָדעל פון דעם מזבח וועלכער איז געשטאנען אין דמשק ביי דיא געצענדיענער, און האָט אויסגעבויט

אזא אלטאר אויך אין ירושלים.

דיא נביאים האָבען זיך בעמיהט אויסצולעשען דאָס „אש זרה אשר לא צוה ד׳,“ אָבער זייער מיה איז געווען כמעט אומזיסט.

דאָס ווילדע פייער האָט פערניכטעט דעם טעמפעל, פערוויסטעט דאָס לאנד און פערטריעבען דאָס פאָלק נאָך בבל, און דאָרט אין גלות האָט עס זיך נאָך שטארקער צוברענט און מיט זיין קראפט האָט ער אריינגעשמאָלצען דיא זיטען און דיא מנהגים פון בבל אין יודענטהום, אויף אזוי ווייט, אז דיא אידען האָבען דאָס מיטגענומען, ווען זיי זיינען ארויס פון בבל און געגאנגען צוריק נאָך ארץ ישראל, וויא דער תלמוד דריקט זיך אויס אין פיעלע ערטער מיט דעם אויסדרוק "העלו אתם מבבל".

אין פרס האָט דאָס „אש זרה“ נאָך מיט מעהר קראפט און מאכט אריינגעדרונגען אין דער אידישער נאציאָן און האָט אונז איבערגעלאָזען אן אייביגע ירושה, דעם אבערגלויבען אין קמיעות, לחשים, רוחות, שדים גלגולים און דבוקים, פון וועלכע דאָס וואהרע יודענטהום האָט אבסאָלוט גאָר ניט געוואוסט און וויל עד היום ניט וויסען.

נאָך שטארקער און מעכטיגער האָט זיך נאכהער

צוגליהט דאס „אש זרה“ אין דער גריכישער עפּאָכע; דער העלעניסטישער פּלאַם, מיט דעם צוויבער פון אָלימפּ מיט זיינע געטער, האָט זיך ארייגעכאַפּט מיט זיין גאנצען ווילדען מאכט אין ארץ יהודה און האָט געמאכט א שרעקליכען חורבן מיט זיין עסטהע־טיק (חן ויופי) אין דעם אידישען עטהיק (תורת המדות). אָט אזוי האָט דאָס געברענט ביז דיא היי־ליגע העלדען, דיא מאקאבייער (חשמונאים), זיינען געקומען און זיי האָבען עס אויסגעלאָשען.

אין מיטעלאַלטער האָט דער קאטוילישער פייער אָנגעצונדען זיינע „קטרת“ אין אידישען לאגער און פון דעם זיינען ארויסגעקומען דיא חרמות, שמתות און נזיפות מיט נדויים און קללות, פון וועלכע אוריאל אקוסטא און ברוך שפינאָזא זיינען געפא־לען אלס קרבנות אויף דעם מזבח פון דעם „אש זרה לא צוה ד׳.“

דיא פאנטאסטישע נארישע בעוועגונג פון שבתי צבי, פראנק און ד. גל. ביז דיא שרעקליכע מחלוקות פון דיא צוויי גרויסע גאונים אייבשיץ און עמדען, אָט דיא אלע אומגליקע, זיינען נאכפאָלגען פון „אש זרה“.

און אין אונזער צייט איז דיא אסימילאציאָן,

מיט איהרע פריידיגער, דיא יעצטיגע נדב ואביהואס, וועלכע רייכענען „קטרת“ צו דער אידעע פון א „זאַ־גענאנטע“ מיסיאָן פיר דיא אידען צווישען דיא פעל־קער; יעדער פון זיי אויף זיין פייער־פאן (מחתה), זיין טעמפעל און זיין געבעט־בוך, מיט דיא נאכאהמונ־גען פון פרעמדע הימנעס. אָט דיא חברה וועלכע קור־שען דיא ריטער, וואָס שמייסען זיי, זיינען דיא מאָ־דערנע אריינברייננגער פון דעם „איש זרה אשר לא צוה ד׳.“

יע, עס איז א מצוה צו וויינען אויף דיא היינ־טיגע וויא אויף דיא פארצייטיגע בני אהרן׳ס, וועלכע שטארבען אָפּ פאר גאָט, פאר׳ן יודענטהום, גייס־טיג און מאָראליש. דאָס הייסט מיט דעם תלמודישען אויסדריק „שרפת נשמה והגוף קים“, דיא קערפערס זיינען גאנץ, נור דיא נשמות ווערען פערניכטעט, אזעלכע ווערען היינט אויך ארויסגעטראָגען „מן הקדש אל מחוץ למחנה“ און משה׳ס שטימע דונערט נאָך היינט אין גאָטעס נאָמען:

"קרבו שאו את אחיכם מאת פני הקדש אל מחוץ למחנה".

„קומט היער, טראָגט ארויס אייערע פארברענטע ברידער פון דאָס יודענטהום אויסער דעם לאגער“.




# תזריע

## אליהו

„הנה אנכי שולח לכם את **אליהו הנביא** לפני בא יום ד׳ הגדול והנורא והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם“.
(מלאכי ג. כ״ג, כ״ד.)

ווער איז דאָס אליהו הנביא ? האָט איהר דיא פראגע ווען עס איז זיך געשטעלט ? עס איז דאך א מערקווירדיגע זאך מיט דעם נביא. קיינער ווייס ניט, ווער זיין פאטער איז געווען ; ווען ער איז געבארען געוואָרען ; וואו האָט ער זיך ערצויגען ; ווער איז געווען זיין לעהרער ; קיין ספר פון נביאות ווי אלע נביאים, האָט ער נאָך זיך ניט איבערגעלאָזען, אויסער אייניגע ספּורים וועגען איהם, וועלכע מיר האָבען אין מלכים ; און דאך איז ער דער ליעב־לינג פון פאָלק געבליעבען אויף אימער און עוויג. אָהן איהם גיעבט זיך ניט דער איד א ריהר אין זיין לע־בען, פון וויעגעלע ביז׳ן קבר. אכט און פיערציג

נביאים האָבען אונז אונזערע חכמים איסגערעכענט און ניט איינער פון זיי האָט דעם מזל פון אליהו הנביא, אריינצודרינגען טיעף, טיעף אין דעם אידענס נשמה בפרט און אין דעם נאציאנאלען לעבען בכלל.

האָט איהר ווען געהערט אז א מענש זאָל געבאָרען ווערען מיט הונדערטע יאהרען איידער ער האָט געלעבט? און דער תלמוד קומט און זאָגט אונז אז פנחס אהרון'ס אייניקעל איז דאָס אליהו: פנחס זה אליהו". פנחס וועלכער האָט געלעבט אין משה'ס צייט איז דאָס דער זעלבער אליהו וועלכער האָט געלעבט אין יהושפט מיט אחאב'ס צייט, דאָס הייסט, דער זעלבער וועלכער האָט הינגעריכטעט כזבי בת צור, דיא געליעבטע פון זמרי בן סלוא, האָט געזעהען ווי דיא הינט האָבען צוריסען דעם קערפער פון איזבל, דיא קעניגין פון יהודא. נו, וואס זאָגט איהר אויף אזא לאנגען לעבען? עס איז אָבער נאָך ווייניג. ווען דער מזל בעגליקט א מענשען, איז גאָר אָהן א סוף. נאָך ווייניג וואס ער האָט געלעבט היבשע עטליכע הונדערט יאהר, איז ווען ס'איז געקומען דיא צייט צו שיידען זיך מיט דער וועלט, איז ער ניט געשטאָרבען גלייך מיט אלע שטערבליכע, נור א פייעריגע קאַרעטע מיט פייערדיגע פערד זיינען מיט א שטורם ארונטער פון הימעל און האָבען איהם ארויפגענומען

א לעבעדיגען אין הימעל אריין, און ער לעבט נאך ער היום און זעהר אפט קומט ער צו אונז, ווען ער וויל אדער ווען מיר ווילען, גאר אן אן ענדע.

און דעם איש המופת, דעם וואונדערבארען פרא־פעט, האט דאס פאלק אנגענומען גאנץ שטארק און לאזט איהם ניט אפ אויף איין מינוט.

אויף יעדען ברית פון דיא מיליאנען אידען, א משך פון דריי טויזענד יאהר אין פערשיעדענע לענ־דער איבער דעם גאנצען ערד־קוגעל, שטעלט מען אוועק דעם „כסא של אליהו זכור לטוב“, אליהו הנביא'ס שטוהל, און מען האט איהם א נאמען געגעבען „מלאך הברית“. האט אייך קיין מאל ניט געארט ווארום זאל מען ניט אמאל מכבד זיין אן אנדער נביא מיט דעם ערהאבענעם כבוד? און אויב ניט קיין אנדער נביא, האט מען דאך אברהם אבינו'ן אליין על פי יושר געווים געדארפט מכבד זיין מיט זיין אייגענע שמחה, וועלכע מיר רופען בריתו של אברהם אבינו?

פסח צום סדר, ביים הערליכען הייליגען יום־טוב פון בעפרייאונג, צו דיא פיער כוסות — ווייטער אליהו הנביא איז דא. אליהו הנביא'ס כוס שיינט ארויס אויף יעדער אידישען טיש איבער אלע כוסות, וויא א פרינץ צווישען זיינע הערליכע גענעראלען.

האָט איך קיין מאָל ניט געערט דיא פראגע פאר וואס אלעם אליהו׳ן? ווארום ניט מכבד זיין אמאָל אן אנדער נביא? איך גלויב אז ישעיה, פיר זיינע זעקס און זעכציג בריליאנטענע קאפיטלאך, וועלכע ער האָט אונז געלאָזען, איז נאָך ווערטה א כוס וויין... גאָט מיינער! ירמיה, דער מר נפש, וועלכער האָט פערגאָסען ים׳ען טרעהרען אויף זיין אונגליקליכען פאלק אין זיין קלאָג־ליעד איכה, איז דאָך געוויס ווערטה על פי דין א גוטע גלאָז וויין צו פערלייכטערען א ביסעל זיין שרעקליכען צער? אָט אפילו דער קליינער נביא חבקוק און זאגאר עובדיה זיינען אויך ווערטה אמאָל א כוס, און אויב ניט דיא נביאים, וואו איז דער אדון הנביאים, דער בעל שמחה אליין, משה בן עמרם, אונזער ערלייזער? ווארום זאָל מען קיין רעספעקט ניט האָבען אין שטעלען משה׳ס כוס? וואס איז דאס אלעם אליהו? אלע ברית׳ן, אלע סדרים, און אלע לענדער, אין אלע צייטען ביי אלע אידען, אלעם אליהו׳ן?

עס מוז דאָך עפּעס בעדייטען!

היינט אויסער דעם ברית מיט דעם סדר וועלכע שפּיעלען אזא גרויסע ראָלע אין אונזער לעבען, דער ערשטער אין פּרט און דער צווייטער אין כלל, איז גאָר אין קליינע געגענשטענדע, אין אלטעגליכען

לעבען, אויך אלץ אליהו און אליהו.

געדיינקט איהר ניט, וויא קינד ווייז האבען מיר געזונגען מיט אונזערע עלטערען אלע שבת־צו־נאכט, נאך הבדלה, דעם „אליהו הנביא, אליהו התשבי ?“ געדענקט איהר ניט דיא שעהנע מעשה מיט דעם ארימען חסיד — איש חסיד היה בלי מזון ומחיה — וועלכער האט געהאט א ווייב מיט א האלב דאזען קינדער און קיין ברויט אויף א רפואה אויך ניט ? דורך וועמען איז ער , דער ארימער חסיד געהאלפען געווארען ? ניט דורך אברהם'ען, ניט דורך משה'ן נור דורך אליהו'ן וועלכער האט איהם א רייכען פאלאץ אין איין נאכט אויפגעבויט.

קיין ספרי נבואה האט ער ניט געלאזען, וויא אלע פראפעטען, דערפאר אבער האט דאס פאלק בעשאפען אין זיין נאמען היילינע ספרים, וויא „אליהו רבה“ און „אליהו זוטרא“, דיא חכמי התלמוד האד בען זיך אויך זעהר פיעל בענוצט מיט זיינע וויזיטען פון הימעל אויף דער ערד, אין פערשיעדענע צייטען צו פערשיעדענע מענשען. איין מאל זאגאר האבען זיי איהם מכבד געווען מיט זעכציג פייערדיגע שמיץ — שתין פולסא דנורא — ווען ער, אליהו, האט זיך ערד לויבט א ביסעל צופיעל און האט אויסגעזאגט סודות צו רבי חייא'ס קינדער...

און נאָך אלעם, צום ענדע ווען משיח וועט קומען, זאָגט אונז אָן דער לעצטער נביא מלאכי, אז „בעפאר אלעם וועט גאָט שיקען אליהו הנביא׳ן און ער וועט אומקעהרען דאס הארץ פון דיא עלטערען צו דיא קינדער, און דאס הארץ פון דיא קינדער צו זייערע עלטערן“.

אָבערפלעכליך קומט אויס, אז דיא ארבייט וועל־כע מלאכי בעשטימט פיר אליהו׳ן איז אבסאָלוט ניט נויטהיג, וואו איז דאס פאראן אזעלכע עלטערען, וועלכע זאָלען ניט ליעבען זייערע קינדער, אָדער קינ־דער, וועלכע זאָלען ניט עהרען זייערע עלטערען? זעהט איהר, אז ער זאָל מאכען דאס דיא פראנצויזען זאָלען ליעבען דיא דייטשען, און דיא דייטשען דיא פראנצויזען, אדער דיא רוסען זאָלען ליעבען דיא יאַ־פאנעזער און דיא יאפאנעזער דיא רוסען, און זיי אלע דעם אידען — אָט אזא שטיקעל ארבייט פאסט פאר אליהו הנביא!

אָבער גוט בעטראכטענדיג דאס לעבען פון דעם וואונדערבארען פראפעט, זיינע אויפפיהרונגען, זיין אייפער פאר דיא וואהרהייט. זיין אויפאפפערען זיך און ליידען קעלט און הונגער פיר זיין אידעאל, זיין טאפפערקייט און ארויסטרעטען אָפען געגען דעם קעניג און דיא קעניגין, זיין ארט קליידונג, א פעלץ מיט

א גארטעל, זיין וואָהנונג אין דער הייהל, היימלאָז און דיא עורבים, ראָבען (וואָראָנעס), וואס האָבען איהם געשפּייזט, דעם קליין טייכעלע פון וועלכען ער האָט וואסער געטרונקען, און נאכהער איז דאס טייכעלע אויך אויסגעטריקענט געוואָרען, זיין הער־ליכען קאמפּף געגען דיא טויזענדער געצענדיענער עובדי הבעל, אונטער דער גרויזאמער רעגיערונג פון אחאב און איזבל — דאס אלעס זעהט איהר, האָט געגעבען רעכט דאס פאָלק בכלל און יעדער אידען בפרט אויסצוקלייבען איהם פון אלע נביאים פיר דעם ליעבלינג, ווייל אין איהם איז פערזאָניפיצירט דיא גאנצע אידישע נאציאָן ; זיין נשמה איז דער אידישער נאציאָנאלער גייסט, וועלכער ארבייט, לייי־דעט, קעמפּפט, הונגערט און איז היימלאָז שוין צוויי טויזענד יאהר, און זיין שטיקעל ברויט מוז דאס אידישע פאָלק בעקומען פון עורבים (וואָראָנעס) רויב־פויגלען, וועלכע פערפאָלגען איהם, און פערביטערען זיין לעבען, און אזוי וויא זיין פּראָפעט, פּראָטעסטירט ער געגען דיא געצענדיענער מיט זיין מאָטאָ : „קנא קנאתי לד׳ !“

ביי יעדען ברית, ווען דער איד אָפּפערט אויף זיין קליינעם זוהן צו דער הייליגער אָפּעראציאָן און זאָגט צו איהם : „בדמיך חיי“, דאס הייסט, ער

מאכט איהם פיר איין קעמפפער ביז דעם לעצטען טראפען בלוט, טראכטענדיג וואס מיט דיעזע אפערא־ציאן נעהמט ער צו ביי איהם אין פיעלע לענדער דאס מענשליכע רעכט, צו דיעזען סארט נאציאנאלע רעליגיעזע צערעמאָניען פאסט ניט קיין אנדער נביא וויא נור אליהו, וועלכען מען האט געפרעגט: „מה לך פה אליהו?“ דאס הייסט: „וואס טהוסט דוא דא, אליהו? דו ביסט דאך דא אין געפאהר! — ענטפערט ער דעם זעלבען אנטווארט: „קנא קנאתי לד'“.

אין דער הייליגער נאציאנאלער סדר־נאכט, ווען אונזערע עלטערן אין שפאניען אין דער מיטעל־עלטער, פלעגען אפריכטען דעם סדר אין דיא היילען און קעלערס, און דיא געפאהר איז געווען שרעקליך, אז די שווארצע מאסקעס פון דיא אינקוויזיטאָרען זאלען זיי ניט פערפאָלגען און אוועקשלעפען צו דעם אויטאָ־דע־פע, וויא עס האט פיעלע מאָל פאסירט, אין אזעלכע הייליגע נאציאנאלע מאָמענטען פון אייפער און אויפפאדערונג קען קיין אנדער נביא ניט איינגעלאדען ווערען אויסער „אליהו התשבי“ מיט זיין מאָטאָ: „קנא קנאתי לד'“.

„אָט דאס איז דער סוד פון „כסא של אליהו“ און „כוסו של אליהו“!

אזא גייסט קען ניט שטארבען. ער לעבט אייביג אין פאלק און פאר'ן פאָלק. ער איז בלויז פון דער ערד — זיין לאנד — ענטריסען געווארען און איז צום הימעל ארויף, אָבער ווען עס קומט א קריטישער ערנסטער מאָמענט אין כלל וויא אין פרט, דאן קומט ער, דער גייסט, מיט זיין אייפער און טאפפערקייט און טהוט זיין ארבייט.

אין אונזער דור ווען דיא רעליגיעזע געפיהלען זיינען אָפגעקיהלט געווארען, און דיא קינדער האָבען זיך פון זייערע עלטערען דערווייטערט, דאן האָט בעשטימט דער לעצטער נביא מלאכי דיא ארבייט פאר אליהו'ן, דאס הייסט אויף דער היינטיגער שפראך, „אליהיזמוס". דער נאציאנאלער גייסט מיט דיא ציוניסטישע טהעטיגקייט איז „משיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם" ; ער בינט צוזאמען דיא אלטע עלטערען מיט דיא יונגע קינדער און אזוי וויא אליהו האָט גענומען דעם טויטען זוהן פון דער אלמנה און האָט איהם אויפגעלעבט און דערלאנגט צו זיין מוטער, אויסשרייענדיג : „ראי חי בנך !" זעה דיין זוהן לעבט ! — אזוי וועט זיין גייסט וועלכער לעבט אייביג, בעלעבען דעם פאָלק ישראל און איהם איבערגעבענדיג צו דער אלמנה ציון וועט ער אויסרופען : „זעה דיין זוהן לעבט !"

# מצורע

**דיא גרעסטע נגע אויף דער מענשהייט איז דיא מלחמה־פעסט, וועלכע קען בלויז געהיילט ווערען דורך ישראל-סבא׳ס ערהאבענע לעהרען און אייבינע מאראלישע פרינציפען.**

נגע צרעת כי תהיה באדם והובא אל הכהן (ויקרא י״ג ט׳).

צוויי טויזענד יאָהר זיינען שוין באלד פערפלאָסען זייט דיא רוימים האָבען אונזער לאנד פערניכטעט, דעם טעמפעל פערברענט און דאָס פאָלק פערשקלאפט און צושפרייט איבער דעם גאנצען ערד־באל; אונזער נאציאָנאלען שטאָלץ צובראָכען, און אונזער פאָליטישע הימלען פערוואָלקענט און פערפינסטערט. אלעס, אלעס האָבען זיי פון אונז צוגענומען, אָבער איין זאך איז אונז פערבליעבען וואס טראָטץ זייער ריעזיגע מאכט און קראפט האָבען זיי דאָס ניט געקענט אוועקנעהמען עד היום! און דאָס איז דער קליינער־גרויסער ספר תנ״ך. דיא ביבעל איז אונזע״ע לכל הדעות, זאָגאר לויט נאָך דער מיינונג פון דיא ראדיקאלע ראציאָנאליסטען וועלכע זיי האָבען

דיא ביבעל געשניטען אויף שטיקער און געגעבען צו יעדער שטיק אנאנדער צייט נאָך דער איינשטימונג פון דער כראָנאָלאָגיע און דיא פילאָלאָגיע; דאָך, נאָך זייער שארפער קריטיק, בלייבט דיא ביבעל אליץ אונזערע, און קיין נאציאָן אין דער וועלט קען האָ־בען א פאָדערונג אויף דעם מינדעסטען פון דיא אלע פיער און צוואנציג בריליאנטענע הייליגע ביכער, וואס זיינען פערזיגעלט אונטער דעם נאָמען תנ"ך, תורה, נביאים, כתובים, מיר האָבען דאָס פראָדוצירט; דיא נביאים זיינען אונזערע קינדער, און זייערע נביאות זיינען ישראל־סבא'ס אידעאלען, און ניט קיינעמ'ס.

* * *

דער אלטער ישראל איז דער ערשטער וועלכער האָט פראָקלאמירט פרייהייט אין דער פינסטערער, פערשקלאפטער צייט, ווען דיא מענשהייט איז געווען געשמידט אין קייטען פון אונטערדריקונג און יאָך; דער אלטער וואנדערער איז געווען דער ערשטער וואס האָט אָפען ארויסגערופען ליעבע פון איין מענשען צו דעם צווייטען אין דיא געטליכע ווערטער פון „ואהבת לרעך כמוך"! ער האָט געלייגט דעם אבן פנה, דעם ווינקעל שטיין, אונטער דעם גרויסען הער־ליכען טעמפעל פון ציוויליזאציאָן, קולטור און מאָראל,

און אין זיין פיער טויזענד יאָהריגען עקזיסטענץ, נאָך אַלע זיינע וואנדערונגען, פערפאָלגונגען, צרות, האס און לייד, שטעהט ער פעסט אויף זיין היילינען פּאָס־טען צו זיין דער איינציגער פאקעל־טרעגער פיר דער גאנצער וועלט.

כשר און עהרליך האָט ער פערדיענט זיין נאָ־מען: „ממלכת כהנים וגוי קדוש" — „א קעניג־רייך פון פריסטער און א הייליגע נאציאָן", ווייל מיר זיינען דיא פאָטערס פון דער ביבעל, דיא פּראָדוצירער פון ריינער רעליגיאָן און דיא גרינדער פון דער ער־האבענער גאָטעס לעהרע.

---

„נגע צרעת כי תהיה באדם והובא אל הכהן".

„ווען אן אנשטעקענדע קראנקהייט איז דאָ אין דער מענשהייט, דאן מוז דאָס צו דעם כהן — צו ישראל סבא — געבראכט ווערען, ווייל נור ער קען דיא נגע אויסהיילען".

און דיא „נגע צרעת׳ איז נאָך היינט אויך דאָ אין דער מענשהייט און דאָס איז — דיא מלחמה!

צוויי טעכטער, שרעקליכע און גרויזאמע האָט מאדאם „לילית" געבוירען צו דעם הערר „סמאל" איהר מאן, דער קעניג פון אלע שדים און מחבלים: דיא נגע צרעת כי תהיה באדם, ווען דיא גייסטיגע

„מגפה“ און „מלחמה“, וויא דיא ערשטע אזוי דיא צווייטע טהוען זיי דיא טייפעלשע ארבייט און פער־ניכטען מיליאָנען פון דיא מענשען קינדער גאָר אָהן רחמנות.

דער גאנצער ערד־באל איז דורכגעווייקט מיט מענשליכעם בלוט און אָנגעפילט מיט דיא סקעלעטען פון מיליאָנען קרבנות פון דעם פערפלוכטען שוועס־טער־צווילינג „מגפה“ און „מלחמה“.

אָה, וואָס פאר א שרעקליכע און שוידערהאפ־טע אנשטעקענדע קראנקהייט איז דיא מלחמה אין דער מענשהייט! זיא איז נאָך פיעל גרויזאמער פון א מגפה, חלי־רע און אלע געפעהרליכע קראנקהיי־טען. וועהרענד אין דער צייט וואס א מגפה ברעכט אוים אין א געוויסען געגענד אָדער לאנד, דאן אנט־לויפען דיא מענשען צו רעטען זיך אין אנאנדער לאנד וואו דיא פעסט האָט ניט קיין שליטה, און דאָרט ווערען זיי גערעטעט; ניט אזוי איז אָבער דער פאל ווען און אנשטעקענדע קראנקהייט — מלחמה — בעפאלט א נאציאָן אָדער נאציאָנען, דאן פערגיפטעט זיא זיי מיט שנאה, קנאה, האס און ראכע, און ניט נאָר וואס זיי זוכען ניט קיין רעטונגס־אָרט, נור זיי איילען זיך אליין וואס גיכער, וואָס שנעלער מיט ווילדען ענ־טהוזיאזמוס און בארבארישען שאָוויניזמוס צו טויטען

איינער דעם צווייטען און בעקומען אליין דעם טויט.

דיא בעסטע, איינגסטע, שעהנסטע און קרעפטיג־סטע קינדער זייערע, קלייבען זיי אויס אין טויזענדער, און ברייגנען זיי פאר א קרבן צו דעם אָבגאָט אָדער דעם טייפעל „מארס".

„עקסטרא! עקסטרא! א קריעג־שיף איז גע־זונקען מיט איהר גאנצע מאנשאפט, ביינאהע טויזענד מאן צוזאמען מיט דעם אדמיראל!"

„עקסטרא! פינף הונדערט מאן זיינען געפאלען טויט און דריי הונדערט זיינען פערוואונדעט געוואָ־רען דאָרט ווייט, ווייט, אין טיעפען מזרח, ביי דעם יאלו ריווער!"

אָט אזוינע נייעס לעזען מיר נאָך היינט אין דעם צוואנציגסטען יאָהרהונדערט גאנץ רוהיג און געלאסען, גאנץ מילד און לאנגזאם, נאָך מיט ווייניגער רחמנות וויא מיר וואָלטען לעזען אז א פייער איז אויסגע־בראָכען אירגענד וואו אין א טהיער־גארטען און עס זיינען פערברענט געוואָרען אייניגע הונדערט טיגערס, הינט און שלאנגען.

אָ הימעל! וויא גרויס איז דער מענשליכער טהיער־גארטען און וויא גרויזאם זיינען דיא מענשען!

# מצורע

פיעלע עלטערען בעקלאָגען זייערע יונגע קינדער וועלכע זיינען אָבגעשניטען געוואָרען פון זייער לע־בענס־בוים פאר דער צייט; פיעלע יונגע, אומגליק־ליכע, עלענדע פרויען און קינדער ווערען פלוצלונג אלמנות און יתומים פון איין עקסטרא נייעם וועלכע מיר לעזען זיך גאנץ גלייכגילטיג. אַט דיעזע אונגליק־ליכע נפשות גיסען טרעהרען זייער גאנצעס לעבען נאָך זייערע יונגע מענער און עלטערען און קענען ניעמאלס געטרויסט ווערען ביז זייער לעצטען אטהעמצוג.

יא, אַט אַ דיא נגע צרעת, דיעזע אנשטעקענדע קריינק מיט דעם נאָמען מלחמה קען ניט געהיילט ווערען נור דורך דעם אלטען כהן ישראל, דער ממלכת כהנים, וועמעס קינדער דיא אונשטערבליכע נביאים האָבען פראָפעצייהעט דאָס גליק פאר דער מענשהייט נור אין שלום.

דער פרינץ פון דיא נביאים בן־אמוץ האָט נאָך מיט טויזענדער יאהר פריהער פארגעשטעלט דעם אידעאל פון דער מענשהייט. אז דיא קאזארמעס און מארינעס זאָלען פערניכטעט ווערען, און פון דעם מעטאל וואס איז געברויכט געוואָרען אויף שווערדען, שפּיזען און אלע כלי־משחית, זאָלען געמאכט ווערען אקער אייזענס און שנייד־מעסערס. מיט איין וואָרט, ער האָט אויפגעשריעבען דעם פולען רעצעפּט צו דער

קראנקהייט: „לא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה״. „אז קיין קריעג זאל גאר ניט עקזיס־טירען און דער נאמען מלחמה זאל ניט ערוואהנט ווערען״.

דיא הפטורה דערציהלט אונז זעהר א פאנטאס־טישע געשיכטע, וועלכע בעלייכטעט אונז דיעזען ער־האבענעם רעיון, אז נור ישראל קען אויסהיילען דיא אלטע קריינק פון מלחמה:

„ונעמן שר צבא מלך ארם היה איש גדול לפני אדוניו ונשוא פנים והאיש היה גבור חיל מצורע״. „וישלח אליו אלישע מלאך לאמר: הלך ורחצת שבע פעמים בירדן וישב בשרך לך וטהר״.

דאס הייסט: „און נעמן דער פעלד־מארשאל פון דעם קעניג פון ארם איז געוועזן א גרויסער מאן, אן עהרענווירדיגער מענש, נור ער איז געוועזן קראנק מיט צרעת, ער האט זיך געהיילט פון פערשיעדענע דאקטוירים און זיי האבען איהם ניט געהאלפען ביז, צופעליגער ווייזע, איז ער געקומען צו אלישע דעם נביא פון ישראל, און ער, דער נביא, האט איהם געראטהען אז ער זאל זיך באדען אין דער טייך ירדן. נעמן האט אזוי געטהאן און ער איז פאלקאם אויסגעהיילט גע־ווארען״.

דאס איז אין קורצען דיא מעשה, און וויא ריכטיג דיא הפטורה בעלייכטעט דיעזען פסוק, וועלכען איך האָב אויבען געשטעלט פאר א מאָטטאָ צו דיעזען פארטראג: „נגע צרעת כי תהיה באדם והובא אל הכהן". נעמן וועמעס קריינק איז געוועז וואס ער איז געוועזן א שר צבא, א גבור חיל, א מיליטערישער מאן, איז אויך געוועזן א גרויסער מענש, ער האָט געפיהלט זיין קראנקהייט, האָט ער זיך געווענדעט צו דעם אידישען פראפעט און האָט זיך געמוזט באָדען אין ירדן, דאס הייסט, ער האָט געמוזט שטודירען דיא אידישע לעהרע פון שלום, ליעבע און רוהיגקייט. דאן איז ער גייסטיג געהיילט געווארען.

זעהר ריכטיג, ער האָט זיך געמוזט באָדען אין ירדן ווייל ניט דיא טייכען פון דמשק אמנה ופרפר, ניט דיא סעין פון פאריז, דיא טעמזע פון לאָנדאָן, ניט דער רהיין, דניעפער, וואָלגא און זאַגאר דער יאלו ריווער פון ווייטען מזרח און דיא מיסיסיפי פון מערב קענען היילען דיא מענשען פון דער מלחמה קריינק, נור דער ירדן אליין, אויף וועמעס ברעגען עס איז געזעסען דיא נאציאן וואס האָט געטראגען דעם נאמען פון „ממלכת כהנים" דיעזער אלטער היסטאָרישער טייך מיט דעם אלטען כהן'ס לעהרע פון שלום וועלען אויסהיילען דיא מענשהייט פון דער מיליטע־

רישער קראנקהייט.

און דיא צייט איז ניט ווייט, וויא איינער פון די בעסטע און פעהיגסטע ישראל׳ס קינדער אין אונזער דור, דער אמעריקאנער מיניסטער און דער הויפט שלום־דיפלאמאט פון דעם טעמפעל פון פריעדען אין האג, האללאנד, האָן. אָסקאר שטראוס, האָט אפען ער־קלעהרט אין זיינער א רעדע, אז גאר אין דער נאָהענ־טער צוקונפט וועלען דיא מעכטע קומען צו דעם בע־שלום אז זיי מוזען זיך אויסקורירען פון דיעזער גע־פעהרליכער קריינק, און שלום וועט מוזען עקזיסטירען אויף דער וועלט.

נעמן האָט געוואלט געבען א פרעזענט צו דעם אידישען נביא און דיא אלגעמיינע פאליטערישע מעכ־טע וועלען געבען א פרעזענט צו דעם אלטען כהן וועלכער וועט אויסהיילען זייער נגע.

און דער פרעזענט וועט זיין זיין אייגענע אלט־ניי־לאנד, ארץ ישראל, און אויף דעם הר ציון וועט פלאטערען דיא אלגעמיינע שלום־פאָהן און עס וועלען מקוים ווערען בן אמוץ׳ס ווערטער.

והלכו עמים רבים ואמרו לכו ונעלה אל ד׳ אל בית אלהי יעקב ויורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו, כי מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים.